חנה סאַפרין

# ליכטיקע שטראַמען

## לידער און פּאָעמעס

פאַרלאַג איקוף
ניו־יאָרק, 1960

ANNE SAFRAN

# LICHTIKE SHTROMEN

(Bright Streams)

Poems



שער־בלאַט געצייכנט פון י. זעלדין

בילדער — פון בערנאַרד

Published by

THE YIDDISHER KULTUR FARBAND (YKUF)

189 2nd Ave., New York 3, N. Y.

1 9 6 0



:09

PRINTED IN THE U.S.A.

# ליכטיקע שטראָמען

זיין פליסן, זיי שטראָמען
דורך פינצטערע תהומען ;
אַלץ ווייטער און ברייטער
זיי שטראָמען און שטראָמען.

דורך וועגן געדרייטע,
זיג־זאַגישע, קרומע,
זיי קוועלן און שפּיגלען,
ווי בליציקע זונען.

זיי טראָגן זיך ראַשיק
דורך דראָטן און צאַמען,
דורך פעלזיקע שפּאַלטן
און שטורמישע ימען.

ווי פאַרביקע כוואַליעס,
אין ברויז פון געוויטער,
זיי שימערן, פאַלן,
און הויבן זיך ווידער.

און וואו נאָר פאַרזייט איז
אַ זוניקער זאָמען,
אים טראָגן און שפּרייטן
די ליכטיקע שטראָמען.

זיי יאָגן, זיי שניידן,
באַלויכטן די תהומען —
אַרויפצו, אַרויפצו,
זיי שטראָמען און שטראָמען.

ווערק פון חנה סאַפֿראַן:

„נצחון״, לידער און פּאָעמעס, 1945

„היינט״, לידער און פּאָעמעס, 1950



פאַראייניקטע פעלקער

# 1

# וואָר און וואונדער

# אויפסניי

ווידער שטיי איך פאַר אַן אָנהויב,
ווידער הייב איך אָן אויפסניי.
עפּעס זינגט אין מיר און מאַטערט,
עפּעס רייסט זיך אויף דער פריי.

ס'איז נאָך נעפּלדיק, אומזיכער,
זוכט אין חושך, בלאָנדזשעט לאַנג,
ביז דאָס וואָרט פון צונג פאַרבאָרגן,
וויטיקט, ליכטיקט אין אַ קלאַנג.

שטיי איך שטיל, פאַרטראַכט, צעלויכטן,
און מיט ציטער הער זיך איין —
האַרץ, צו האַרץ פון וועלט באַהאַפטן:
בענקשאַפט, פרייד, קאַמף און פּיין...

און עס רייסט זיך דורך אַ ניגון
און אַ וואָרט פון סופן פריי!
ווידער שטיי איך פאַר אַן אָנהויב,
ווידער הייב איך אָן אויפסניי.

# די קוואַלן פון ליבשאַפט

די קוואַלן פון ליבשאַפט
זיי פליסן, זיי פליסן.
איך זאָג דיר, עס קאָן זיי
קיין האַס ניט פאַרשליסן.
ניט קויל פון אַ ביקס,
ניט סם פון אַ צונג,
פאַרשטאָפן די קוואַלן,
פאַרגיפטן דעם טרונק.

עס שלאָגן די קוואַלן
פון אוראַלטע טיפן.
דורך שטיינער, דורך פעלזן
זיי שלאָגן אַרויף.
זיי פליסן אין הערצער
און פירן ווי שיפן,
דורך שטורעמס פון שנאה
און נעפּלען פון טויט.

די קוואַלן פון ליבשאַפט —
זיי פליסן, זיי פליסן.
איך זאָג דיר, עס קאָן זיי
קיין האַס ניט פאַרשליסן.

# אייביק איז די פרייד

יעדער דור טראָגט אויס זיין צער
אויף צום געבערן העלע פרייד.
איך זע, איך זע, ווי צער פון היינט —
שרעק פון אומקום, תּפיסה־קייט —
איבער מענטשנס גלויביק האַרץ,
שוואַרצע שפּאַרבער־פליגל שפּרייט.
אָ, הער צער, ער שפּרייט אַ נעץ,
מיך פאַרנאַרן איז ער גרייט —
כ׳וועל זיך ראַנגלען מיט זיין שאַרף,
כ׳וועל נישט לאָזן טויטן פרייד!

יעדער דור טראָגט דורך זיין צער
און פאַרהיט, געווינט די פרייד.
איבער אָפּגרונטן פון שרעק
מענטש האָט בריק פון מוט פאַרשפּרייט;
קעגן זומפּיק שׂנאה־פעלד,
קערנער א מ ת, ל י כ ט פאַרזייט.
און ווען דער צער גיט אַ שפּאַר,
טרעפט ער האָפענונג אין האַרץ.
אָ, הער צער, די פּיין פאַרגייט,
בלייבן, בלייבן — בלייבט די פרייד.

יעדער דור פאַרמאָגט זיין צער,
נאָר אייביק, אייביק איז די פרייד.
נאָכן שטורעם, בליץ פון צייט,
ווען דער פלאַם אין רויך פאַרגייט,
שלאָגט פון טיף דורך זאַמד און שטיין,
לויטער, זוניק, קרישטאָל־ריין,
קוואַל פון אויסגעבענקטער פרייד.
אָ, ער שטראָמט אין טיף און ברייט,
שטראָמט דורך אַלע דורות לייד —
אייביק, אייביק איז די פרייד.

# איך בין אַ קינד פון דעם יאָרהונדערט

גערדאַנק פליט שנעלער פון עראָפּלאַנען,
דאָס האַרץ זעט ווייטער פון שפּאַקטיוו.
פאַרוואָס־זשע טראָגט עס מיך פונדאַנען
אין דער הויך און אין דער טיף ?

דעם חראָנג פון אומרו כ׳וועל ניט צוימען,
און ניט פאַרלעשן שאַפונג־פונק.
אָ, מענטש קאָן גרייכן אַלע רוימען
און פליען רונד אַרום דער זון !

איך בין אַ קינד פון דעם יאָרהונדערט
און אַ טאָכטער פון מיין פאָלק.
אָ, וויפל בלוט און וויפל וואונדער,
וויפל טרערן און וויפל שטאָלץ !

איך פלי אַרום אין עראָפּלאַנען
און קרייז אין רוים אַרום דער זון —
איך וועל נאָך זוכה זיין צו שפּאַנען
אויף שלום־ערד אין פעלקער־בונד !

# די הימלען, אָ, די הימלען!

.1

די הימלען הענגען איבער אונדז צעלויכטענע און ווייטע,
קופּאָלן ליכטיקע אין רונדן אויסשפּרייט פאַרן אויג.
מיט דורכזיכט פון קאָלירן בלענדיקע און גרויע
זיי רינגלען אונדז און הילן אונדז אין רוים.

פון ערשטן טאָג, ווען קינד דערקענט דעם דרויסן,
ביז לעצטן זון־פאַרגאַנג און לעצטן בליק אַרויף,
עס ציט זיך מענטש צום סודותדיקן גרויסן
פון וועלט־באַשאַף און שטערן־לויף.

מיליאָנען יאָרן ווי די ערד באַוועגט זיך,
זוי עס זוכט דער מענטש אין בלויער הייך,
טאָג־איין, טאָג־אויס, ער זוכט און פאָרשט און וועקט זיך
מיט נייעם חלום, נייעם נייגער, נייעם גרייך.

עס לייכטן זונען, שטערן פליען, ס׳דרייען זיך פּלאַנעטן,
און מענטש קוקט אַלץ אַרויף, פאַרחידושט און פאַרגאַפט,
און זוכט דעם סוד פון לעבן, פון אייביקן באַוועגן,
און ווערט אַ שותּף צום בראשית, צום אָנהייב פון באַשאַף.

.2

אָ, די זיבן הימלען פון מיין קינדהייט פרומער!
דער וואונדער און דער פּחד, די געטלעכקייט פון ליכט!
כ׳געדענק די פרייד און יענעם ציטער שטומען
נאָך שווארצער, שווערער נאַכט, ווען אומגעריכט.

עס ווערט מיין קינדיש אויג מיט וואונדער־ליכט פארגאסן,
די וואונדער־ליכט און וואונדער־פארב אין שפּיל פון דעם קאיאר —
עס דרינגט מיך דורך און וועט מיך קיינמאל מער שוין ניט פאר־
לאזן —
איך זע דעם זון־אויפגאנג נאך היינט, נאך פילע, ווייטע יאר.

... כ׳בין קראנק...
די מאמע האט די פענצטער ברייט צעעפנט,
כ׳זאל לופט אין קראנקע לונגען שעפּן,
כ׳זאל זען דאס העלע מארגן־ליכט.
א לאנגע נאכט ווי כ׳האב געפיבערט,
איצט גלעטן שטראלן מיין געזיכט.
פוכקע וואלקנס, גאלד־באזוימטע,
שווימען אין מיין פענצטער־בלוי.
עס ווערט מיר גוט און לייכט און לייכטער:
ארום ווערט ראזעווע אזוי.
מיך ציט ארויף, ארויף,
א פלאמיק־רויטער שטרייף.
די זון, א רונדע, ווי א באלעם,
שטעכט מיר אין די אויגן.
אזוי פיל ליכט!
איך הער א שאלן,
איך פלי, איך פלי אין רוים...

און פלוצלונג הער איך מאמעס קול,
ווי אין א זיסן טרוים.
זי שטייט געבויגן איבער מיר
און שעפּטשעט סודותדיק אזוי:
דארט ווייט, אין ווייטן, טיפן בלוי,
פון מענטשנס אויג פארבארגן,
מלאכים שוועבן־אום אין לויטערע פרימארגנס
און זינגען שירה צום באשעפער.

אַז קליינע קינדערלעך, ווי איך,
נאָך טונקלער נאַכט
דערזען זאָלן ל י כ ט.

...אַ דונער קנאַלט...
עס שניידט אַ בליץ די טונקל־שווערע וואָלקנס.
אַ מבול גיסט, פאַרגיסט מיין גאַס, פאַרפלייצט מיין וועלט.
דאָס צאָרנט גאָט אויף מענטשנס זינד. ווי שטאַרק ער איז און
מעכטיק!
זיין שטראָף איז האַרב, דער פּסק — געערעכט.
אוי ווי איז מיר און ווינד...

מיין באָבע טוט אַ וויש די האַנט אין שויב
און זאָגט אַ תפילה.
איר קול איז טונקל, ווי די שטוב.
שאָטנס פלאָטערן,
און איך, אַ קליינטשיקס, זיץ אין שרעק,
זיץ אין ווינקעלע פאַרשטעקט,
און אין מיין האַרץ אַ היים געבעט:
גאָט, רחמנות האָב אויף אַלעם,
אויף שוועסטער־ברידער, טאַטע־מאַמען,
אויף אַלע, אַלע זינדער,
אויף אַלע מענטשן־קינדער....

.3

די הימלען, אָ, די הימלען פון מיין יוגנט גרינער!
די שיינקייט פילט דאָס האַרץ מיט בענקשאַפט אָן אַן עק.
ערגעץ ווייט, אָ, ערגעץ ווייט, עס ציט אַ וועג,
וואו ס'וואַרטן טעג מיט זון באַגאָסן.
דאָרט, הינטער האָריזאָנטן ליגט דאָס לאַנד פון וואונדער,
דאָרט זיינען מענטשן שענער, יינגער,

דאָרט ברויזט דאָס לעבן פול מיט קראַפט.
מיין ליבסטער שפּילט דאָרט אויף אַ האַרף
אַזאַ מין ציטערדיק געזאַנג —
ער וואַרט אויף מיר, ער וואַרט שוין לאַנג...

ערגעץ ווייט, אַ, ערגעץ ווייט, די הימלען פירן.
די וואָלקנס העלע שווימען, שווימען,
ווי ווייסע געגנדזעלעך באַגינען,
ווי זעגלען לופטיקע אויף בלויע ימען.
זיי פירן מיך, זיי שיפלען מיך אַוועק פון דאַנען.
אַ, קיינמאָל, קיינמאָל וועט דאָס האַרץ ניט ווי טאָן,
קיינמאָל, קיינמאָל וועט דאָס האַרץ ניט פרירן,
דאָרט וואוהין די הימלען פירן,
ערגעץ דאָרט,
הינטערן בלויען האָריזאָנט.

.4

די הימלען, אַ, די הימלען נאַכטיקע פון צויבער!
די גאַס איז טונקל. שטערן לייכטן, שפּיזלען דינע, ווייטע שטראַלן.
פינקלען... פינקלען... פליען... פאַלן...
און מיטאַמאָל עס גיט אַ בלענד אין מיינע שויבן!

אַ פולע, שווימט לבנה פון אונטער וואָלקן אויבן,
שווימט אַ שמייכלענדיקע, קלאָרע אויף טונקל־בלויען סאַמעט,
ראַמט־איין איר ליכטנדיקן פּנים אין די פענצטער־ראַמען
און רופט מיך, ציט מיך ווי מאַגנעט:
אַרויס, אַרויס אין דרויסן!

די גאַס מיט זילבער־ליכט באַגאָסן
איז פול מיט כישופדיקן שיין.
עס וויגן זיך די מענטשן ווי מאַטראָסן

אויף זילבערדיקער שיף.
שטימען ווערן ווייך און טיף,
הילן מיך אין צאַרטקייט איין.
מיין שטוב ווערט פּאַלאַץ פון קרישטאָל
און איך — אַ בת-מלכּה פון אַמאָל.

די נאַכט האָט אַלדאָס האַרטע, שטייניקע,
מיט ווייכקייט צערטלעכער פאַרצויגן.
די נאַכט האָט אַלדאָס מיאוסע, העסלעכע,
פאַרהילט פון מיינע אויגן.
שיינקייט, שיינקייט בלויז אַרום!

איך שפּאַן פאַרשיכורט און פאַרליבט.
דער הימל זינגט אַ שטערן-ליד.
האָרך!
עס זינגט דאָס האַרץ און יעדער גליד.
שטילער, לייכטער ווערן טריט...

5.

די הימלען, אַ, די הימלען שפּייען פייער!
די הימלען, אַ, די הימלען האָט מיר מענטש צעשטערט!
וואו לויפט מען, וואו? ניטאָ קיין רעטונג, קיין אנטרינונג,
קיין פרייַנטלעך הויז, קיין בוים, קיין שייער,
נאָר גריבער, גריבער, קברים-גריבער אין דער מאַמע-ערד.

שוין לאַנג ווי שרעק פאַר גאָטער כ'האָב פאַרלאָרן.
שוין לאַנג ווי כ'האָב מיין גלויבן אין דעם מענטש געווענדט:
זיין ראַנגלעניש צו הייכן, זיינע קלוגע הענט,
זיין שטורעם און זיין צאָרן
ווען אומהעכט ווערט געבאָרן,
זיין דאָרשט צו וויסן און דערקענען

און צינדן ליכט וואו פונקען ברענען;
דער דראַנג פאַר שיינקייט, ליבשאַפט, שלום,
אין האַרץ פון יעדערן בן־אדם;
זיין ציען זיך צו שלימות און האַרמאָניע —
אין גרויסער מענטשלעכער סימפאָניע
געשפּילט פון האַרעפאַשנע הענט.
איך האָב געזען דעם אויסוועג, די דערלייזונג, —
אין מ ע נ ט ש איך האָב דאָס ג ע ט ל ע כ ע דערקענט.

און אָט, האָט מענטש דעם בליץ פון הימלען טויזנט מאָל גע׳כפּל׳ט,
דעם דונער האָט ער פריי געלאָזט מיט מוראדיקן קראַך,
פאַרפלייצט די ערד מיט פייערדיקן מבול,
מיט בלוט פאַרטרונקען אַלע ימען,
פאַרוואַנדלט ז י ן אין מ אַ כ ט.

צי האָבן טרוימען אַלע מיך פאַרראַטן?
צי האָט קיין זין הער ראַנגל אויף דער ערד?
צי וועט שוין אייביק שאַלטעווען די חיהשקייט פון גראַטן,
און מענטש וועט לעבן בלויז אין זכות פון שטאָלענעם געווער?

.6

דער פייער־מבול האָט די ערד מיט בלוט פאַרטרונקען
און ווידער שפּיגלען הימלען בלוי אין יעדן שטילן טייך.
עס בויט דער מענטש אויפסניי און פאָרשט פון וועלט די וואונדער,
און הערט מיט וויסן נייעם און מיט זאָרגן רייך.

צי קאָן ווער מעסטן שטח פון דערגרייכן?
ווער ווייסט, ווער ווייסט, וואָס ס׳גרייט מיין דור פאַר מיר!
אַלע טיפן, אַלע רוימען, אַלע הויכן,
אָט, אָט — און זיי עפענען די לאַנג־פאַרמאַכטע טיר...

נאָר ס'שרעקט דאָס האַרץ, עס שרעקט די קראַפט, די אומגעצאַמטע.
אין האַנט פון רשע זי קאָן אומברענגען די וועלט.
עס קלעטערט מענטש אַרויף, אַרויף, מיט ריזן־טריט דאָ
שפּאַנט ער —
וואוהין ? !
מיר ברענגען גליק ? די הימלען מיר פאַרשטעלן ?

.7

עס לייכטן זונען, שטערן פליען, ס'דרייען זיך פּלאַנעטן.
אויף ערד, דער קליינער, מענטש געשפּאַלטן האָט אַטאָם
און איינגעשפּאַנט דעם הימלס פייער אין ראַקעטן,
אַרויפגעשאָסן זיי אין רוים !

אַ וואָרט, אַ נייס, האָט פּלוצלונג אויפגעלויכטן,
אַ וואָרט אַזאַ, אַ נאָך קיינמאָל ניט געהערטס :
רונד־אַרום עס קרייזט, עס פליט אַ מענטש־געמאַכטער שטערן,
אַרום, אַרום, רונד־אַרום דער ערד !

די הימלען, אָ, די הימלען קוקן פון די הייכן,
נאָר גרענעצן פון ווייט ס'האָט מענטש שוין אָפּגעשאַפט :
מיר קאָנען און מיר וועלן אַלע הוימען גרייכן !
מיר קאָנען און מיר וועלן ווערן שותּפים צום באַשאַף !

# „עקספּלאָרער"

.1

„עקספּלאָרער",
זוכער, פאַרשער אין די ספערן,
זיי געגריסט.
נעם צו מיין ערלעך־שטילע פרייד,
יואָס ענדלעך האָסט די הייך דערגרייכט,
דעם צי פון מאַמע־ערד באַזיגט.
אַרויפגעשאָסן ווי אַ בליץ,
אַרויף, אַרויף,
אין מיט פון אוניווערז און שטערן־ספערן־לויף,
און קרייזסט אַרום,
און טראָגסט פון ערד דעם טרוים
אין פרייען, גרענעצלאָזן רוים.

וואָס זעסטו דאָרט? וואָס הערסטו דאָרט?
ווי הויך דער פּלי? ווי טיף דער סוד?
צי וועסטו שליסל לאַנג־געגאַרטן דאָרט געפינען,
פון לעבן און פון טויט דעם מיין ב אַ ז י נ ע ן?

.2

ָא,ווערן שטערן אויף צעשטערן דען געשאַפן?
צי ווערט א וואונדער אויסגעטווישט אויף שווערד?
צי זוכסטו דאָרט פאַר מענטש א פרידלעך, שטראַל־געוועבטן האַפן,
אַראָפּצוציען אים אויף אונדזער ערד?
אפשר וועסטו „ספוטניק" איינעם טרעפן
אויף וועגן הימלשע אין יאַנאַספער,
און ווי א ברודער צו א ברודער־שטערן
אים ברענגען גרוס פון מאַמע־ערד?

און אפשר גאָר מיט עק פאַרריסן
פליען אים פאַרביי ווי ברוגזער קאָמעט?
צי גילט אויך קנאה־שנאה אין די ספערן
און שטערן פליען אום אין טויטלעכן געוועט?

.3

„עקספּלאָרער",
זוכער, פאָרשער אין די ספערן,
זיי געגריסט.
דו פליסט
און טרוימען מיינע פליען מיט
מיט דיר.
ָא, וואונדער פון מיין צייט, מיין דור!
ביסט ניט קיין נס, קיין געטלעכער געשאַנק.
דו פליסט און זינגסט
מענטשנס מאַרגנדיק געזאַנג.

# עס פליט אַ ראַקעט

לבנה שטראַליקע,
דו, כשוף־ליכט אין טונקלער נאַכט!
דו שווימסט אין בלויען הימל־ים,
דורך וואָלקנס זילבער־פּוכיקע,
און ציסט מיין האַרץ צו זיך
אין קילן, פליסנדיקן טרוים.

אין פּערלדיקן שוים
פון כוואַליע דאָ ביים ים,
איך זע דיין פּנים.
עס פינקלען שטערן ליכטיק־קאַלטע,
נאָר דו ביסט נאָענט־ליב.
ווי אַ פרוי געגאַרטע,
דו ציכט דאָס האַרץ צו זיך.

מיך אַרט נישט צי דו קריגסט
דיין ליכט פון זון,
מיך אַרט נישט צי דו ביסט
אַן אויסגעלאָשענער פּלאַנעט.
פאַר מיר, דעם קינד פון מוטער־ערד,
דו ביסט דאָס צויבער־ליכט,
באַזונגען פון פּאָעט.

נאָר הייַנט, מיר דאַכט,
דו טויכסט אַרייַן אין וואָלקן־בעט,
מיט פּנים אויסגעקרימט פון פּלוצלינגדיקער שרעק:
עס פליט צו דיר,
עס פליט —
אַ מענטש־געמאַכטער,
בליציקער ראַקעט.

עס שטויגען די שטערן,
און דו ווערסט בלייכער און בלייכער.
פאַרזונקען אין מחשבות שווערע,
דו שווימסט אַוועק
וואו דאָס ליכט איז ווייכער,
אין טריפנדיקן שייַן
פון הימל־וועג.

...אָ, וויפל הערצער יונגע
האָבן ציטערדיק געקלאַפּט
און מיט דייַן ברכה,
אונטער צאַרטן דייַנעם בליק,
ליבע אייביקע געשוואָרן?

ווִיפל מאָל דורך ווייטע, גלייכגילטיקע אָרן
האָסטו אין פענצטער שלאָפלאָזע געקוקט
און מענטשנס ווי אין פּיין אַנטפּלעקט?
אַ, אויף שלאַכטפעלדער, אין גיהינום־נעכט,
דו האָסט די וואונדן בלוטיקע,
די טויטע פּנימער
מיט שלייער ווייסן שטיל פאַרדעקט.

נאָר ניט גערירט האָט דיך דער צער.
די רשעות האָט דיין פּראַכט
ניט פאַרטונקלט אין דער נאַכט.
און איצט,
עס האָט דער מענטש
כוח קאָסמישן
באַצוואונגען אין געוועט.
צעטרייסלט איז די הימל־רו
צערודערט ביסט, ווי איך, פון שרעק:
עס פליט צו דיר,
עס פליט —
אַ מענטש־געמאַכטער,
בליציקער ראַקעט.

# אין וואונדער פון באַגינען

.1

די שרעק, די נאַכטיקע, ווי אַ הונט אַ בלודנער,
שלעפּט זיך איבער גאַס מיט אָנגעשפּיצטע אויערן.
עס וועקן זיך פון שלאָף די מויערן.
אַ שוואַרצע קראָ הויערט אויף מיין שכנס פּלויט —
וואַרט אויף בלוט און טויט.

די זון האָט ראָזע וואַלקנדלעך צעצונדן.
דער האָריזאָנט צעשפּרייט זיך — בלויט.
די שרעק, די פינצטערע, איז ערגעצוואו פאַרשוואונדן,
די שוואַרצע קראָ קראַקעט אַלץ נאָך אויפן פּלויט.

נאָר זע:
די ביימער ליכטיקן און גרינען,
פריש־געוואַשן אין דעם טוי.
אָ, דער וואונדער פון באַגינען!
אַנטקעגן טיפן הימל־בלוי,
ווי אַ בויגן פאַר מיין שויב,
עס שוועבט אַ פוכיק־ווייסע טויב!

.2

א שטראַליקע איך בין פון שטוב אַרויס,
גערופן קליין און גרויס.
טירן האָבן זיך צעשוואונגען,
קינדער האָבן זיך צעזונגען,
געקוקט אַרויף, אַרויף, אַרויף,
געשפיגלט וואונדער אין די אויגן:
פונוואַנען איז די טויב אַזאַ פלאַטערדיקע, יונגע,
מיט בשורה ליכטיקער
דאָ אָנגעפלויגן?

און מיטאַמאָל,
ווי ס'וואָלט דאָס האַלץ שוין לאַנג געווען צעפוילט,
עס ברעכט און פאַלט דער פלויט.

עס גיט די קראָ אַ הויב זיך און אַ ריס,
ווי ס'וואָלט די טויב איר דאָ געטאָן אַ ביס,
ווי ס'וואָלט אַ זון־שטראַל ווי אַ שפיז
איר ברוסט געלעכערט.
זי פליט צעשויבערט איבער דעכער
מיט וואַקלענדיקע פליגל,
צעפלויגענעם עק,
אַוועק, אַוועק, —
אַ שוואַרצער פלעק...

און דיביימער גרינען, גרינגען,
אין דעם וואונדער פון באַגינען...

# פאַראייניקטע פעלקער

.1

פאַראייניקטע פעלקער —
ווי פרעכטיק עס קלינגט!
ישעיה׳ס נבואה?
אַ וואָלף מיט אַ קינד?

צי ביסטו דער ענטפער, דער צוזאָג, ס׳געווייז,
פון דורות פאַרבערענטן, פאַרקוילטן געבייז?
פון טרערן דער בעכער, פון האָפענונג ס׳ליכט,
די האַנט וואָס פאַרבינדט, די האַנט וואָס פאַרריכט?
די צונג וואָס צערייסט פון שקר די נעץ,
צעשמעטערט, ווי האַמער, דעם גאָלדענעם געץ?
אין דזשאָנגל פון שרעק און אומקום-געשפענסט,
צי ביסטו דער חלום פון פשוטן מענטש?

.2

עס פלאַטערן פּאַנען פּילפּאַרביק אין ווינט,
פּריינטלעכע שכנים פון פעלקער־געזינט.
געבויידעם זיך הויבן מיט מייסטערשער קראַפט,
די ברכה פון מענטש וואָס בויט און וואָס שאַפט.
אין זאַלן געוועלבטע פון קינסטלער באַצירט
עס שוועבט אום דער חלום פון מיר און פון דיר.
געפעכט און געראַנגל פון שלעכטס און פון גוטס:
אַטאָמען פאַר שלום, צי מבול פון בלוט?
פון מזרח און מערב, פון דרום און צפון,
אַהערצו די אויגן געווענדעט אין האָפן.
אַהערצו די הערצער פון נאָענט און ווייט,
אויף פליגל פון קיינמאָל־געוועזענער צייט.
איך הער ווי עס טראָגט זיך מיליאָניקער קול:
אוים מיט מלחמות, מיט שוידער און גרויל!
אוים מיט באַהערשונג, מיט דלות און נויט,
אוים מיט קראַנקהייט — אַ טויט דעם טויט!

## די זון פון פריינטשאַפט

דער ווינט האָט אַלע טירן פאַרהאַקט מיט זיין געוואַי,
דער פראָסט האָט אַלע פענצטער צו דער גאַס פאַרמאַכט.
עס האָט ניט מער קיין טעם דער ביסן ברויט,
ווען מענטש אין דלד אַמות זיצט און טראַכט.

די זון פון פריינטשאַפט האָט דאָס אייז צעלאָזט,
צעעפנט ברייט מיין שכנס טיר,
אַ שטראָם פון רייד האָט פריי געטאָן אַ גאָס
און אָפּגעוואַשן ביטערניש פון צווישן אים און מיר.

די זון פון פריינטשאַפט אין אַ ווינטער־טאָג
האָט שמייכל־שטראַלן אין מיין שטוב פאַרשפּרייט,
פון ווינקלען טונקעלע די שרעק פאַריאָגט
און יום־טובדיק באַצירט מיין וואָכעדיקע קלייד.

איך האָב מיין פריינט פאַרבעטן צו מיין טיש.
ער האָט נאָך אַלץ מיט חשד באַטראַכט מיין ברויט און ווייַן:
צי איז עס טאַקע זיס און פריש,
צי וועלן מיר שוין פריינט אויף אייביק זיין?

אינדרויסן האָבן ווינטן צאָרנדיק געליאַרעמט,
געריסן מיינע טירן, געפּויקלט אין מיין שויב.
נאָר אין מיין שטוב איז ליכטיק היימיש און וואַרעם,
אַרום מיין טיש עס שוועבט אַ ווייסע שלום־טויב.

# אַ נייע זון איז אויפגעגאַנגען

אַ נייע זון איז אויפגעגאַנגען
אויפן טונקעלן האָריזאָנט.
ס׳איז די צייט פון בין־השמשות,
ווי־זשע קומט זי אויפגיין היינט?

האַלבער הימל איז שוין פינצטער,
דעקט די הייזער איין אין טאָל,
נאָר די שויבן האַלב־פאַרלאָשן,
צינדן זיך אויפסניי מיט גאָלד.

און די צווייטע העלפט — אין פלאַקער,
צינדט די שפיצן פון אַ וואַלד.
שווימען וואָלקנס, ריזן־מאָנסטערס,
שלינגען שטראַלן, לעשן באַלד.

ס׳איז די צייט פון בין־השמשות,
באַלד פאַלט צו די שווערע נאַכט.
נאָר פאַרוואָס ווערט זון נאָך העלער?
יעדעס האַרץ און גרעזל וואַכט...

און די שרעק מיט גרינע אויגן
זעט ווי זון זיך שפּאַלט אין צווייען:
איינע זינקט באַלד הינטער צווייגן.
וועט די צווייטע אויך פאַרגייען?

זע, ווי ס'יאָגן ווילדע וואָלקנס
צו פאַרשלינגען לעצטע שיין!
נאָר עס בלייבן גאָר די שאָטנס,
כמאַרעס שווינדן, שרומפּן איין...

און די שרעק פאַרדעקט די אויגן,
טראָגט זיך אָפּ. אין נאַכט פאַרשווינדט...
ביימער, הייזער, שטראַלן, פינקלען,
יעדעס האַרץ צעלויכטן זינגט.

און די זון ווערט גרעסער, העלער,
קלעטערט איבער שפּיצן בערג.
שטראַלן צינדן נייע הימלען,
טרייבן טרויער פון דער ערד.

# אין וואונדערגאַנג

אין וואונדערגאַנג פון וואונדערצייט
איך שפּאַן.
דורך נעכטנס טונקעלע — טונעלן טרויער —
עס פירט דער וועג
צום ברייט-צעפּראַלטן טויער
פון לויכטנדיקע טעג.
צו דעם מאָרגן פון דערגרייכן
אַלע הימליש-ווייטע הייכן.

אין וואונדערגאַנג, אין מאָרגן-גאַנג
גייט אויף געזאַנג.
עס שפּרייט זיך ליכט פון ווייטע וועלטן.
איך שפּאַן אויף נייעם שליאַך צעהעלטן
און זינג פון מענטש, זיין פרייד און פּיין,
זיין נעכטן בלוטיקן,
זיין האָפענונגפולן היינט.

אין וואונדערגאַנג, אין צוקונפטגאַנג,
גייט אויף אַ פרייד.
אַ, זאָל מיין ליד ניט בלייבן שטיין!
ליכטיק, דורכזיכטיק, ווי חלום,
שוועבן זאָל עס אין דעם שלום,
אויסגעבענקטן אויף דער ערד!
איך זאָל זוכה זיין צו זינגען
ווען פרידן-גלאָקן וועלן קלינגען
און עס וועט פאַרגיין
געוויין!

אמן.



ים און פאַלמעס

# 2

# געזאַנג פון לעבן

# אַ שטורעמווינט . . .

אַ שטורעמווינט האָט די פּאַלמע פאַר מיין הויז געריסן,
אַן אורגאַן האָט זי געשלײדערט און רונד אַרום געדרייט.
זי האָט געקרעכצט, געליאַרעמט און אין ערד זיך איינגעביסן,
די וואָרצלען טיפער איינגעגראָבן, און איז געבליבן שטיין.

דער אורגאַן האָט צעוואַלגערט ביימער־ריזן,
די וואָרצלען אויסגעריסן מיט איינגעווייד פון ערד.
ווי ווילד־געוואָרענער בוהאַי מיט הערנער־שפּיזן,
אַלץ צעבראָכן, אַלץ צעשטערט.

נאָר זי, מיין פּאַלמע, האָט איר קרוין, ווי שירעם אויפגעהאַנגען,
געוואָרפן זיך אין ווינט, ווי טענצער אויף אַ שטריק.
איצט שטייט זי, ווי אַ מיידל, אויף אַ פּוס אַ שלאַנקן,
און וויגט זיך אין דער מילדער לופט — שיכור פון איר זיג.

מיט טאַליע אויסגעבויגן קעגן הימל נאַכטיק־בלויען,
זי האָט די צווייגן־פעכער שטיל אַזוי צעשפּרייט.
מיט נייער הויט פאַרציען זיך די קאַרבן פון דעם שטורעם,
און נייע זאַפטן ריזלען אין איר גרינער קלייד.

און ווען ס׳גייט־אויף די זון אויף גאַסן גרויע, מידע,
זי ציט זיך, ציט זיך צו דער זון און פאַנגט אַ זילבער־שטראַל.
און פּלוצלינג, כ׳זע, ווי אַלע ביימער בליען ווידער,
עס שטייט מיין פּאַלמע הויך און גלייך, ווי פאַרן אורגאַן.

# צוויי פּאַלמעס

עס שטייען צוויי פּאַלמעס אויף זאַמדיקן ברעג,
די קרוינען — אין לופטיקן שטייגן;
די שטאַמען צעבויגן פון שטורמישע טעג,
צעשפּרייט, ווי אַ חופּה, די צווייגן.

זיי וואַרפן אַ שאָטן אויף גליאיקן זאַמד,
אַזויס פּאָר פּאַרלעך פּאַרברוינטע —
און גלעטן אַ יונגע, אַ קרעפּטיקע האַנט,
וואָס צערטלט אַ מיידל, אין רויטן.

די בלעטער, ווי פעכער, צעבלאָזן דעם ווינט,
די כוואַליעס פון ים נעמען רוישן,
און זי, ווי אַ זיס, ציטעריק קינד,
שטרעקט אויס אים די ליפּן צום קושן.

און לעבן זיי רוט אַ גרייז־גרויער קאָפּ
אויף שויס פון אַ ליבינקער זקנה;
זי צערטלט פאַרטראַכט זיין גערינצלטע באַק
און ס'שמייכלען די אויגן די שיינע.

זי זעט אים אַ יונגן מיט טונקעלע האָר,
ווי דער בחור, וואָס ליגט דאָ דערלעבן,
און זי איז אַ כלה פון צוויי צענדליק יאָר,
ווי אַ פּאַלמע אין לופטיקן שוועבן...

דער ים קוקט פון וויטן מיט בלוי־גרינעם אויג,
די כוואַליעס, זיי רוישן און רעגן...
עס וויגן זיך פּאַלמעס, צווייג איבער צווייג,
און ס'טונקלען די גאָלדיקע ברעגן.

# וואָס צאָרנט דער ים?

וואָס צאָרנט דער ים און טרייסלט די גרונטן?
וואָס שליידערט ער כוואַליעס, ווי קאָכיקע בערג?
אין שטיי ביי די ברעגן צעשראָקן, פֿאַרוואונדערט,
און טראַכט: אַט וועט צאָרן פֿאַרשווענקען די ערד.

נאָר הימל איז בלוי און לויטער די וואָלקנס.
זיי שווימען צעשטראַלטע אין הימלשן ים
און ציען מיין אויג אַריבער די ראַנדן.
וואו אייביקע בענקשאַפֿט טונקט זיך אין פֿלאַם.

פֿאַרגייט דען די זון אין אַ לויטערן הימל?
וואָס ציטערן פֿלאַמען אין פֿאַרכטיקן ווינט?
עס טרייסלען זיך קרוינען, וויגן זיך, ברומען,
אַ צווייג איבער צווייג צעפּעכערט, צעגרינט.

עס צאָרנט דער ים און טרייסלט די גרונטן.
די מעוועס צעפֿליען מיט גרילציקן קוויטש.
וואָס טראָגן די כוואַליעס אויף שוימיקע רוקנס
און שליידערן האַסטיק אַרום מיינע פֿיס?

אויף זאַמדן עס פֿאַלן אין קרענקלעכע קראַנצן
דאָס ווילד-גראָז פֿון טיפֿן, דאָס ווילד-גראָז פֿון גרונט.
פֿאַרקנוילט און פֿאַרפּלאָנטערט אין ראַנגל דעם לעצטן,
זיי דעקן-איין ברעגן, ווי טויטלעכע וואונד.

דאָס ווילד־גראָז, דאָס ווילד־גראָז — ווי גרוי און פאַרחלשט!
די באָרוועסע פיס עס שטעקט שוין ניט מער.
אַלץ ראַשער און ראַשער עס שלאָגן די כוואַליעס
און טראָגן דאָס ווילד־גראָז פון גרונטן אַהער.

שוין שעה׳ן און שעה׳ן ווי כ׳שטיי ביי די ברעגן.
דאָס ווילד־גראָז ווערט שוואַרץ אין פאַרנאַכטיקן גרוי.
די פּאַלמעס, צעווינטיקט, רוישן אַנטקעגן,
עס טראָגט זיך אין נאַכט פון ים דער געברויז.

## דער ים איז בלוי און גרין און גאָלד

דער ים איז בלוי און גרין און גאָלד.
די כוואַליעס פליכן, פליסן.
אָ, גיב מיר איצט די שעה פון טרייסט,
די שעה פון ליכט, ווען אַלע ריסן,
אַלע צווייפלען און פאַרדראָסן
פון מיין טאָג, מיין צייט, מיין וועלט,
זועלן אין דעם ליכט צערינען,
ווי די זעמדלעך די דינע,
אין דעם אָפּשוועַנק פון די כוואַליעס, —
בלוי און גרין און ליכטיק גאָלד
וואָס זיי פליסן, פליסן, פליסן,
ווי דאָס אייביקע געוויסן
פון מיין טאָג, מיין צייט, מיין וועלט.

# ביים ים

.1

יאָר־איין, יאָר־אויס, ווי כ׳קום צו דיינע ברעגן
און זוך אין אומרו דיינעם
רו געפינען.
ערגעץ אין דער אייביקייט, אין פאַרבאָרגענעם באַגינען,
אין אין־סוף בלויען, אין די רוימען,
ברייט צעשפּרייט עס יאָגט די קראַפט
אַהער, וואו כ׳שטיי אַצינד און קוק און גאַף:
אויף און אַפּ די כוואַליעס פלייצן, שוימען;
אויף זאַמדן גאָלדיקע, ווייסע בלעזלעך רינען;
ווי רייטער־פערד אין היים־צעגליטע שטעט,
מיט גריוועס צאַפּלדיק־צעפלויגן,
זיי יאָגן איינע נאָך דער צווייטער אין געוועט,
שלינגען אימפּעטיק די אונטערוואַסער־שטראָמען
און פאַלן אויסגעשעפּטע אויפן ברעג.
רוישן, רוישן...
ברומען מיר אַ ניגון פון בראשיתדיקע שטורעמס,
פון ווינט אין ברויז און ווילדע אוראַגאַנען,
פון ווייטע ברידער־ברעגן און שיפן־קאַראַוואַנען,
פון זון און זאַלץ און ווינט־פאַרברוינטע פישער־יונגען
און נעצן צאַפּלדיקע פיש.
די כוואַליעס יאָגן. שוימען, זינגען,
פאַלן האַסטיק צו צום ברעג
און לעקן מיינע פיס
מיט נאַסע, קאַלטע צונגען.

.2

אָ, רחבות כוואַליקע, אָ, גרינער, ווינדיקער שפּיגל!
נעם מיך אויף, ווי קינד פאַרלוירענעם,
אַ מאַמע!

איך טראָג דײַן שטורעם און דײַן צאָרן
אין מײַן געמיט
שוין יאָרן —
איצט בעט איך פֿון דיר מילדקייט,
אַ שעה אַזאַ פֿון שלווה,
ווען דײַנע ווילדע כוואַליעס-לייבן
ווערן שטילע, לאַשטשענדיקע
לאַמען.

איך טרינק דײַן פֿרישע רחבות,
דעם שפּריי פֿון זון צעהעלטן,
שטרעק אויס פֿאַרליבטע אָרעמס
און גיב מײַן גוף צו דיר
אין נאַקעטקייט אין פֿרייער.
דו ברומסט, צעכוואַליעסט זיך,
הוידסט אויף מיך מיט הנאה
און וויקלסט מיך אין שימערדיקן,
גאָלדיק-גרינעם כוואַליע-שלייער,
ווי שווימענדיקן וואַסער-וועזן
קעגן הימלען בלויע.

אָ, וויג מיך, וויג מיך, ים!
קוש מיך מיט דײַן אָטעם!
אָ, שיפּל מיך פּאַמעלעך
מיט שוים-באַזוימטן אָרעם!
אַ שעה אַזאַ געבענטשטע
אין דורכזיכט דײַנעם גרינעם,
אַ ליד אַזאַ פֿון שלווה,
אַ שעפּטשענדיקער ניגון,
וועט שטיל אין האַרץ זיך וויגן
דורך הייסע טעג פֿון גבֿורה,
אין קאַך און ברויז
פֿון שטורעם.

# הימל, ים און זון־פֿאַרגאַנג

הימל, ים און זון־פֿאַרגאַנג.
כוואַליע־רויש און פֿייכטער זאַמד.
הינטער ים־ברעג, הייסע שטאָט
דרייט זיך פֿאַרן אויג ווי ראָד.
מענטשן־כוואַליע דאָרשטיק, מיד,
פֿלייצט נאָך אַלץ אין מיין געמיט.

פֿאַרבן־שפּיל ביים סוף פֿון טאָג.
שיינקייט רעגט, שיינקייט נאָגט:
שפּרייט די הענט און צי אַריין
בלוי און גאָלד און שאַרלאַך־שיין!
און די גרינע טיף פֿון ים,
און די רהזבות אָן אַ צאַם!

ווער איך פֿונק אין רויטן פֿלאַם,
כ׳ווער אַ טראָפּן פֿונעם ים,
כ׳ווער אַ זעמדל אויפֿן ברעג
און דער פֿלום, וואָס ציט אַוועק.
איך בין קליין און איך בין גרויס —
אַלדאָס גוטס איז אין מיין שויס.

כוואַליעס לעקן מיינע פיס.
רו אין רויש און זאַלץ אין זים.
פייערדיק־צעגליטער באַל
טונכט אין ים צום לעצטן מאָל.
שפּיגלט פאַרביק, שימערט לאַנג,
גרייכט די פינגער פון מיין האַנט.

טונקל נידערט האָריזאָנט.
יעדע ווייטקייט ווערט מיר נאָענט:
פליען מעוועס, פלי איך מיט,
ס'ציט מיין האַרץ איעדע שיף.
דאָ, ווי דאָרט, איך לעב און גאַר,
און די שיינקייט איז מיין שכר.

פינצטער, פינצטער פאַלט די נאַכט.
ווינט פליט־אָן און צער דערוואַכט.
ס'ברויזט דער ים אין שוואַרצן תהום —
כ'הער אים בלויז, איך זע אים קוים.
און דאָס האַרץ פאַרטראַכט, פאַרבענקט,
זוכט אויפסניי דעם הויך פון מענטש.

# אין חודש מאַי

אין חודש מאַי כ'האָב ליב צו גיין שפּאַצירן,
אין חודש מאַי עס זינגען מיינע טריט.
אין גרויען שטיין פון שטאָט, סימפאָניע פון קאָלירן,
שפּילט פריילינגדיק אַ ליד פון פרייד און פריד.

עס בליען שוין מאַגנאָליעס אין די סעדער
און יום־טובדיק פאַרפּוצט עס גרינט די ערד.
צי הערסטו ניט אפילו אין דעם רויש פון רעדער,
ווי קרעפטיק ס'שלאָגן שטראָמען אין די בערג?

אָ, יעדער שטיין אין גאַס באַוועגט זיך מיט אַ ניגון
און יעדער ניגון שפּילט דאָך, ווי צום טאַנץ:
די ביימער, העל־צעגרינטע, וויגן זיך און וויגן,
און זשומענדיק עס קרייזט אַ בין אַרום אַ פלאַנץ.

אינצווישן הימל־קראַצער בליען מיינע הימלען,
איך שפּאַן אַ שטראַליקע אין דורכזיכט־העלן קלייד.
אין שמאָלער, ענגער גאַס, וואו מענטשן־קינדערווימלען,
איך הער. עס רופט דער מאַי צו לעבן און צו פרייד.

ביינאַכט אויף באַנק אין פּאַרק, עס גליען אויגן־שטערן.
און יעדער שעפּטש דערוועקט אַ בענקשאַפט... נאָך אייביק־ניי.
צי קאָנסטו ניט דעם פּולס פון טויזנטער דערהערן,
דאָס יונגע האַרץ פון שטאָט אין חודש מאַי?

אַזוי פיל מאַיען כ'האָב אין קריג פאַרלאָרן,
אַזוי פיל בלומען פאַר דער צייט פאַרבליט...
אין גרינעם האַרץ פון שטאָט מיט טויזנטער אין כאָרן,
שפּאַן איך פריילינגדיק און זינג דאָס שלום־ליד.

# צי קאָן די זון דיך היילן . . .

צי קאָן די זון דיך היילן פון פאַרדראָסן ?
צי קאָן פון ים דער רויש פאַרשטילן דעם דיין פּיין ?
דאָס ליכטיקע ווערט אויך מיט טונקלקייט פאַרגאָסן,
ווען אין האַרץ זיך לעשט די צוקונפט-שיין.

עס ראַנגלט זיך דער מענטש מיט ווידערשפּרוכן קראַנקע.
זיין נ ע כ ט ן און זיין ה י י נ ט געוואַרצלט אין געפאַר.
אין מיט פון נייע. דרייסטע בליין-געדאַנקען,
ער מאַטערט זיך אין נאַכטיקן קאָשמאַר.

די גרענעצן פון טרוים צעשטערן, צי פאַרשטאַרקן ?
איז שכן דיר אַ שונא צי אַ פריינט ?
די שרעק, די אַלטע שרעק, זי נעמט דיך שטיקן, וואַרגן,
און נעמסט אַ ביקס אין האַנט, ווי אור-מענטש נעמט אַ שטיין.

די בלויקייט פון די הימלען כ'זוך אין דיינע אויגן.
צי האָסטו שוין דערוואַכט פון נאַכטיקן קאָשמאַר ?
אַ, זע, ווי נאָכן שטורעם גייט אויף אַ רעגנבויגן,
אָ, קום מיט מיר באַטרעטן שפּיץ פון העכסטן באַרג !

# אַ וואַך פון זון און פעלד

אַ וואַך פון זון און פעלד און אויגן נעמען גלאַנצן.
די גרינקייט פון דעם לאַן,
די פרישקייט פון די פלאַנצן
דרינגט דורך דעם מידן גוף.
די מאַמע־ערד געדולדיג וואַרט
אויף איר פון שטאָט פאַרשטויבטן קינד.
זי שמייכלט מיט די פיל־קאָלירטע בלומען,
מיט קוסטן יאַגעדעס זי רופט
און ציט די זון דערוואַרעמען דעם ווינט,
ער זאָל ניט רייסן, שמייסן,
נאָר מילד און ליב זיך שפּילן מיט איר קינד.

אָ, קום, אָ, קום, אין נייער, בלעטערדיקער דירה!
די ביימער הויכע, שטאָלצע, גריסן דיך מיט ווירדע.
בייגן צווייגן גרינע, רופן אונטער שירעם
אַלע שוועך־באַלאַדענע,
אַלע מידע.

דאָס בלויע אויג פון הימל ליכטיקט דורך די צווייגן,
שפּילט מיט ליכט און שאָטן אונטער מײַנע טריט.
עס טראָגט זיך דורך אַ פויגל־פּיף, אַ פרייליכער געצוויטשער.
און ווידער טרינקט די שטילקייט מײַן געמיט.

האָרך!
די בלעטער שורשען, רוישן.
זינגען לידער מיר פון פּראָסט און ווינט און רעגן,
אויסדויער און מוט;
פון זאַנגען גאָלדענע אויף זומערדיקע וועגן
און זאַפטיק־רייפער פרוכט;
פון פעלדער זון־צעבליטע, ברייטע, פרייע —
פון וואַקסן אייביקן
און אייביקן באַנײַען.

אַ, לייג אַוועק דעם קאָפּ, צי־אויס דעם גוף אינגאַנצן
און הער ווי ס׳זינגען ביימער אויפן פעלד דעם גרינעם!
אַ וואָך פון פעלד און זון, און אויגן נעמען גלאַנצן;
עס ריזלט קראַפט אין יעדן גליד — און לעבן האָט אַ זינען!

# די ליבשאַפט אין האַרצן

די ליבשאַפט אין האַרצן, זי ווייסט ניט קיין יאָרן,
זי ציילט ניט, געדענקט ניט דעם טאָג פון געבאָרן.
זי וואַקסט אין דער טיף, און אַריבער די תהומען
זי שטראָמט אין דעם פאַלק מיט לויכטנדע שטראָמען.

די ליבשאַפט אין האַרצן, זי איז פון די שטאָפן,
וואָס שרומפּען ניט איין מיט יאָרן פאַרלאָפן.
עס ווערן די פאַרבן ניט בלאַס און צעריבן,
נאָר גליען מיט אויפגאַנג פון לעבן און ליבן.

די ליבשאַפט זי ווערט ניט צעטומלט, צעשראָקן
פון ווילדקייט און הפקר אויף שטאָטישע ראָגן.
זי זעט ווי עס שפּאַרן די גראָזן דורך שטיינער
און גרינקייט פון לעבן צעטרעטן קאָן קיינער.

עס טרעפט, ווען די לופט איז געלאָדן מיט שנאה
און ס׳דאַכט זיך די רשעות פון וועלף וועט געווינען,
און ס׳ווערט דער פאַרדאַכט צווישן מענטש און זיין שכן
אַ פאַרקן, אַ וואַנט מיט שפּיציקע דראָטן, —

ווערט ליבשאַפט אַ פאַקל, ווערט ליבשאַפט אַ מאַנער!
זי טראָגט אויף די אַקסלען אַ מאַסע פון טאָגען
און פירט דיך אויף לייטער אַריבער די צאַמען
צו שפּיצן און וואָרצלען פון בליענדע שטאַמען.

די ליבשאַפט אין האַרצן זי ווייסט ניט פון יאָרן,
זי ציילט ניט, געדענקט ניט דעם טאָג פון געבאָרן.
זי וואַקסט אין דער טיף און אַריבער די תהומען
זי שטראָמט אין דעם פאַלק מיט פאַרביקע שטראָמען.

# יעדן פרילינג . . .

יעדן פרילינג,
ווען מיין בוים באַדעקט זיך אויפדאָסניי מיט צוויט
און שטייט פאַרפּוצט אין יום־טובדיקן שיין,
טראַכט איך פון דיר, פון יענעם טאָג אין מאַי,
ווען אויף איין אומגלויבלעכער מינוט,
דו ביסט געוועזן אינגאַנצן מ י י ן.

אַזוי פיל יאָרן שוין פאַרביי,
אַזוי פיל פרילינגען האָט מיין בוים געבליט, פאַרבליט,
און יעדן נייעם, צויבערפולן מאַי
גייסט אויף פאַר מיר
אין מינדסטן קנאָספּ פון שטראַלנדיקן צוויט.

כ׳געדענק:
ביסט אָנגעקומען פון דער ווייט
און מיך דערזען, ווי כ׳שטיי און שטוין,
וואָס איבערנאַכט עס האָט מיין בוים
זיך אָנגעטאָן אין שימערדיקן טרוים.
דו האָסט געזאָגט: „ווי שיין!"
מיין האַרץ האָט הויך אַ קלאַפּ געטאָן
און איז אַ רגע ווי געבליבן שטיין.

# דו ביסט דאָס צינדהעלץ . . .

זי ביסט דאָס צינדהעלץ און איך בין דער פלאַם.
דו זוכסט מיך און איך לויף ווי כוואַליע אין ים,
געצויגן פון אומרו, געפאַנגען פון שרעק —
אַוועק פון דיין ליבשאַפט, אַוועק פון דעם ברעג.

עס שלאָגן די כוואַליעס, ווי דונער דער רויש.
עס טראָגן זיך טעג פון שטורעם צעברויזט.
איך רייס אויפן שטראָם פון צעבוימטער צייט,
און דו ביסט פאַרשוואונדן. ווי ווייט ביסט, ווי ווייט!

צעבראָכן און צעטרייסלט, צערודערט, צעפלאַמט,
איך קער זיך צוריק צום באַריר פון דיין האַנט.
ווי ס'וואָלט מיך דער צופאַל פון שטורמישע טעג
געטריבן צום אומקום אויף זאַמדיקן ברעג.

דו זוכסט מיך באַרירן און כ'שפיר ווי עס ברייט
דיין אָטעם מיין האַרץ, מיין גוף, מיינע טריט.
לויף איך אויפסניי פון דעם רוף אין מיין בלוט,
און ס'איז אַזוי ענג מיר, אַזוי ווייטיקלעך גוט . . .

דו ביסט דאָס צינדהעלץ און איך בין דער פלאַם.
דו זוכסט מיך און איך לויף ווי אַ כוואַליע אין ים.

# דער דרוק פון דיין האַנט

דער דרוק פון דיין האַנט אַזוי וואַרעם און פעסט,
דער בליק פון דיין אויג אַזוי לויטער און מילד,
איך טראַג אין מיין האַרץ.
עס בושעווען ווינטן און שמייסן ווי פרעסט
מיט אייזיקע אָרעמס דעם פרילינג פון ווילן,
פון ליבשאַפט דעם הויך.
נאָר דו אין מיין האַרץ
האַלטסט וואַרעם און ליכטיק דעם גלויביקן פונק,
און לייטערסט דאָס ליכט פון דעם טשאַד און דעם רויך,
וואָס וויל עס פאַרלעשן.
ווי העל טוט אַ קלונג
דיין שטים אין דער נאַכט,
ווען וואָרעם פון צווייפל נאָגט אין דעם מאַרך!

ווי היטער געטרייער,
דו וואַכסט אין מיין האַרץ.

# דו גרינער ווינקל . . .

דו גרינער ווינקל אין מיין הויף —
זיי געבענטשט!
דו ליגסט אין גרויען שטיין געפּאַסט,
ווי גרינער סאַמעט אין אַ גרויער ראַם,
און קוויקסט מיין אויג מיט פרישקייט,
מיט פרילינגדיקער פרייד.

די הייזער האָבן זיך צונויפגערוקט
מיין אָטעם צו דערשטיקן.
נאָר כ׳קוק אויף דיר
און טיפער, ברייטער שפּרייט זיך שטח:
ביסט פעלד און וואַלד
און פאַרביק־פרישער גאָרטן.

עס שפּילן ליכט און שאָטן
זאָרגלאָז־לייכטע שפּילן.
און איך ליג אויסגעצויגן:
מיין פּנים קעגן הימל,
די פינגער — אין די גראָזן.

# אַ בלום אויף אַ קוסט

אַ בלום אויף אַ קוסט אין ציטער פון ווינט,
אַ בלום אין איר רײַפקייט צעבליטער;
פעטאַלן צעעפנט — אַ פלאַם צווישן גרין —
אַ, ס'קלייבט זיך, עס קומט אַ געוויטער!

עס טונקלען כמאַרעס מיט שוואַרצקייט פון טינט,
אַ בליץ שניידט מיט פייער און וואונדער;
די ביימער צעוויגן, צעררוישן דעם ווינט:
עס קומט, אַ, עס קראַכט שוין דער דונער!

עס וויגט זיך די בלום אויפן שטענגעלע דין,
די בלעטלעך פון סאַמעט זיי פלאַמען,
דערלעבן אַ קנאָספּ, ראָזעווע־גרין,
קוקט רואיק, ווי קינד לעבן מאַמען.

עס פאַלן שוין טראָפּנס שווערע, ווי בליי,
אויף גראָזן פאַרגאָסן, פאַרטרונקען,
עס פאַלן פעטאַלן רויט־פלאַמיקע דריי,
ווי פון דונער דריי בליציקע פונקען.

עס עפנט דער קנאָספּ דאָט בעכערל קוים,
טרינקט דאָרשטיק די טראָפּנס, ווי קוואַלן.
עס שווינדן די כמאַרעס, עב בלויט שוין דער רוים,
און ס'גראָז ליגט באַפאַרבט מיט פעטאַלן.

# אינדיאַנער זומער

אינדיאַנער זומער —
געשאַנק פֿון גאָלדיקע, פֿרי־האַרבסטיקע געזאַנגען,
ווען ניט־דערפֿילטע, צייטיקע פֿאַרלאַנגען
פֿלאַמען־אויף אין לעצטן שוואונג פֿון בלעטער
פֿאַרן שטאַרבן,
פֿלאַמען־אויף אין כּישופֿדיק־צעשפּראָצטע פֿאַרבן.

אינדיאַנער זומער,
וואו ביסטו מיר פֿאַרשוואונדן?

כ'געדענק דיך מיט רויטקייט פֿלאַמיקער באַגאָסן,
מיט שטראַליקייט פֿון זונפֿאַרגאַנגען,
ווי גאָלד אויף בלויען טייך צעפֿלאָסן.
די גרין און געל־געפֿלעקטע ביימער־שטאַמען,
אַרומגעקראַנצט מיט שאַרלאַך־רויטע בלעטער־קראַנצן,
די קרוין פֿון בוים פֿאַרפּוצט, פֿאַרפֿלאַמט,
צעווייגט אין פֿייערלעכן טאַנצן.

כ׳געדענק —
פֿאַרשיכּורט כ׳בין פֿון זאַפֿטיק־פֿולע טרויבן,
וואָס הענגען אויף די הענגלעך, זיסע, זאַטע,
און טריפֿן מיטן ווײַן און ווינקען מיר פֿון אויבן,
פּורפּור־בלויע, ווי מיט טוי באַהויכטע, מאַטע.

עס שמעקט מיט עפּל, באַרן, פֿלוימען.
ווי זיס דײַן קוש, דײַן מויל!
דײַן ליבשאַפֿט — רײַף, און פֿרײַ, אָן צוימען,
עס זינגט מײַן האַרץ, מײַן קול.
די שײנקייט בלענדט, עס רופֿט דער טאַנץ,
עס זינגט דער וואַלד, דער סאָד, —

אינדיאַנער זומער,
דו קופּער־הויטיקער געשאַנק, —
וואו ביסטו דאָ אין שטאָט?

## לעצטע רויזן

לעצטע רויזן אין מיין גאָרטן
רויטלען זיך אין ווינט.
פון דעם בוים עס פאַלן בלעטער,
ערד אַרום ווערט ברוינער, פעטער, —
ס׳איילט אין שול אַ קינד.

מיינע רויזן שטאַרבן, שטאַרבן...

אָנגעטרונקען שטראַלן־גאַרבן,
אויסגעאָטעמט זיסע ריחות,
אויסגעשפּונען פּראַכט־קאָלירן, —
די פּעטאַלן סאַמעט־ווייכע
ציטערן אין ווינט — — — —

רויטער הייסער פלאַמען פאַרבן,
און מיינע רויזן שטאַרבן, שטאַרבן...

# אַרום דעם טייך

אַרום דעם טייך איז שטיל און טונקל,
ביימער דרעמלען אין דער נאַכט.
עס שלאָפט די ערד, עס שלאָפט דער הימל,
נאָר מיין האַרץ איז וואַך.

שטערן פינקלען אין דעם וואַסער,
אַ צווייג לאָזט מיד די האַנט אַראָפּ,
כוואַליעס האַלדזן פינגער-בלעטער,
שפּיגלען זילבער פון מיין קאָפּ.

פּלוצלינג כ׳זע אַ שאָטן וויגן
אויפן פלאַך פון שטילן טייך.
כ׳הער אַ פליעסק, אַ ווייטן ניגון —
עס שווימט, עס שווימט אין ווייט — די צייט.

# איך שעם זיך ניט . . .

איך שעם זיך ניט קוקן אויף שטערן,
מיך צויבערט און ציט זייער שיין;
אין טונקעלע שעה׳ן, כ׳קאָן שווערן,
זיי פינקלען צו לינדערן פיין.

און אויב ס׳האָבן שוואַכע פּאָעטן
לבנה מיט לאַקרעץ פאַרזיכט,
געזונגען איר בלויע קופּלעטן,
מיט זיפצן איר שיינקייט געגריסט, —

וועל איך זיי ניט שענקען לבנה!
זי כשופט פאַר מיר און פאַר אייך.
דאָס פערלדיק ליכט פון איר פּנים
האָט ניט צו זיך קיין פאַרגלייך!

און אויב ס׳זיינען דיכטער פאַראַנען,
וואָס פליען אין הימלשער ספער,
באַזינגען די וואָלקנדלעך־שוואַנען,
ווען ס׳גיסט זיך דאָ בלוט אויף דער ערד, —

וועל איך זיי ניט שענקען דעם הימל!
די שטערן, וואָס שפיגלען אין טייך,
באַפריי איך פון שריַיבערשן שימל
און טראָג זיי — צעפינקלט — צו אייך!

# געזאַנג פון לעבן*

מיר זינגען דאָס געזאַנג פון לעבן,
מיר זינגען דאָס געזאַנג פון פאָלק.
חלומות ליכטיקע מיר וועבן
אין קלאַנגען זילבער, קלאַנגען גאָלד.

רעפריין:

אָ, זינגט, צעקלינגט דאָס ליד פון גלויבן!
דרינגט אַדורך די קאַלטע ווענט!
האַרץ צו האַרץ און שטים דערהויבן,
זינגט מיט פייער, זינגט מיט ברען!

מיר זינגען דאָס געזאַנג פון ליבע,
דאָס ליד פון קאַמף און צער און פרייד.
פון געטאָס פינצטערע געטריבן
און מאַרגנס זוניקע פאַרזייט.

רעפריין:

אָ, זינגט, א. אז. וו.

מיר זינגען דאָס געזאַנג פון דורות,
מיר זינגען דאָס געזאַנג פון פריינט.
בטחון, מוט איז אונדזער שורש,
דאָס ליד פון גלויבן — אונדזער היינט!

רעפריין:

אָ, זינגט, א. אז. וו.

---

* מוזיק פאַרן ליד געשריבן פון וולאַדימיר חפץ.

# דאָס אַלטע און דאָס נייע

.1

דאָס אַלטע און דאָס נייע
טרעפן זיך אין מיר,
ווי אַן אַלטער ניגון
אין אַ נייעם ליד.

איך שפּרייז אַדורך מיין זיידנס טיר
און הער דעם ניגון פון פאַרצייטן.
זיס און טרויעריק און שטאַרק,
פון הינטער דורותדיקן באַרג,
אויף וואָלקנס נאַכטיקע ער קומט צו רייטן —
דורך יאָרן ווייטע, שווערע יאָכן,
אין מיין חלום אויפצוקוויכן
מיט גלויבן און בטחון.

.2

איין זיידע מיינער איז געווען אַ חסיד,
דער צווייטער אַ מתנגד.
הויזן אין מיין האַרץ זיי ביידע:
מיינע גלוביק-קריגערישע זיידעס.

מיין הייסע חסידישע התפעלות
חברט זיך מיט קילן שכל.
אריבער מיינע לעבן־שוועלן,
שפּאַנט פאַרשטאַנד
האַנט אין האַנט
מיט חלום העלן.

.3

מיין חסידישע התפעלות וואָלט מיך ווייט פאַרפירן,
ווען ניט דאָס גראַדע וואָרט פון מיין זיידן, דעם מתנגד.
איז אָפּט,
ווען כ'האַלט אין וואָגן,
און שפּרייט די פליגל מיינע צו די העכסטע הייכן,
בלייב איך הענגען אין דער לופט,
ווי פויגל שטורמישער
אינמיטן פלי פאַרפרוירן.
איך זע די שווערע שלעסער אויף די מויערן,
דאָס בלוט וואָס נערט דעם בוים פון גרייכן,
די פעסטונגען פון בייז אויף אַלע פראָנטן.
נאָר דאָ גיט ס'האַרץ מיט קראַפט אַ ריס
אַנטקעגן אַלץ וואָס בייז און מיאוס,
אַנטקעגן בלוט־פאַרגיסונג, מאָרדן!

פלי איך ווידער,
פלי מיט לידער
אַריבער אַלע אַלטע זשאַווערדיקע טויערן,
צו נייע, בלויע האָריזאָנטן.
אָ, דעמאָלט פלאַקערט אויף אַ קאַמף
צווישן מיינע זיידעס:
איך ראַנגל זיך מיט האַרבער וואָר
און הער די שטערן ריידן.

4.

היינט שפּאַן איך אַ צעלויכטענע
אַריבער אַלטן בריק
און הער אין נייעם ליד
דעם ניגון פון פאַרצייטן.
זינגט מיין האַרץ פון שלום, גליק
און נייע, שטראַלענדיקע צייטן.

דאָס אַלטע און דאָס נייע
האָבן זיך באַהעפט אין מיר
אין אַ לויכטנדיקן ניגון.
איך וועל נאָך מיט דעם נייעם, דורותדיקן ליד
מיינע אייניקלעך פאַרוויגן.

# ישראל לידער

## א.

### איך האָב געזען . . .

איך האָב געזען די בלויע הימלען דײַנע,
איך האָב געטראָטן אויף דײַן בלוט־געווייקטער ערד,
און דײַנע זין און טעכטער, ווי ציטערדיקע קינדער,
איך האָב צום האַרץ געדריקט מיט פרייד און שטילער טרער.

איך זע נאָך איצט די ביימער יונג־פאַרפלאַנצטע,
ישובים גרינע אין ווידסטעניש פון זאַמד,
די ליכטיקע געביַיען לעבן בלויע ימען
און צריפים שווארצע — פלעקן אויפן לאַנד.

איך זע שאָסייען אויסגעהאַקט און אויסגעגאָסן
פון הענט פאַרהאַרטעוועט און שטאַרק ווי שטאָל.
דער גלאַנציקער אַספאַלט לויפט בראַוו, אָן שרעק פאַר שאָסן,
צו גרענעצן, וואו ס'לויערט שונאס קויל.

עס גייען־אויף פאַר מיר די ברידער מײַנע, שוועסטער,
ווי פאַרביקער געמעל: שוואַרץ און ווייס און ברוין.
איך שפּיר דעם הייסן ברי פון אויגן — שוואַרצע קוילן —
און גאָלד־געלאָקטע קינדער שמייכלען צו מיר בלוי.

די איינצלנע, אַנטרונענע, האָב איך דאָ געטראָפֿן.
פֿון לאַגערן געקומען בויען זיך אַ היים.
פֿון ווייטן, הייסן מזרח, ווי פֿון קאַלטן צפֿון —
איך זע זיי אַלע דאָ מיט זייער פֿרייד און וויי.

און ווי קאָן איך פֿאַרגעסן קבוצים דיינע, גרינע,
וואו יעדער שפּאַן דערציילט פֿון מסירת נפֿש, מי?
עס שטייען נאָך די גראָבנס און פֿייל'ן שוואַרצע ציען
צום „מקלט" אונטער ערד, אין פֿאַל פֿון שונאס פּלי.

איך בין געווען, ווען איבער דיינע שטילע היימען
עס האָבן שווערע כמאַרעס זיך געקליבן אין דער נאַכט:
אין י ר ד ן און אין נ ג ב און אין י ר ו ש ל י ם
עס האָט געפּלאַקערט אַ נקמה־שלאַכט.

ווער בלאָזט פֿאַנאַנד דאָס פֿייער צווישן דיינע שכנים?
ווער פֿירט אויף קרומען וועג דיין גבורה און דיין מוט?
ווי לאַנג נאָך, ווי לאַנג וועט שנאה־פֿייער ברענען?
ווי לאַנג נאָך וועט זיך גיסן ד י י ן און ז י י ע ר בלוט?

איך האָב געזען די בלויע הימלען דיינע
און האָב געשפּירט די פֿרייד פֿון אויסגעלייזטער ערד.
איך האָב געזען מיין פֿאָלק אויפֿשטיין פֿון די פּיינען,
מיט בטחון גיין אַנטקעגן יעדן שטער.

און ס'ציטערט אין מיין האַרץ די אַלטע, אַלטע תּפֿילה,
געבעט פֿון מאַמעס איבער גאָרער וועלט:
עס זאָל דער זיג ניט ברענגען קיין מפּלה,
אויף ש ל ו ם, בלויז אויף ש ל ו ם שטעל־אויף דיין געצעלט!

ב.

# דער „היינט" און דער „אַמאָל" . . .

דער „היינט" און דער „אַמאָל" פאַרוועבט אין נייעם לעבן:
ס'איז פעסט די האַנט, דער רוקן גלייך און הויך דאָס קול.
לעגענדעס נייע וועבן זיך שוין, וועבן,
איבער העלדן, זיגן, נסים אין ישראל.

אַזוי פיל נייע העלדן, אַזוי פיל נייע קברים!
כ'איז דורכגעווייקט די ערד מיט זייער בלוט.
און כ'שפּראָצט און בליט דאָס לאַנד מיט נייע מינים „סאַברעס",
וואָס זיינען אויבן שטעכיק און אינעווייניק גוט.

קאָנטראַסט פון אַלט און ניי אויף וועגן ניי-געבאָרן:
כאַלאַטן לאַנגע, שוואַרצע, און הייזקעס פון חלוץ;
שייטלען, קאַפּטיכער און מיידלעך קורץ-געשאָרן,
אַ בעדואינער קעמל און טראַקטאָר פון קבוץ.

טורבאַנען, יאַרמלקעס און זעלנערשע בערעטן —
עס מישן זיך די פאַרבן ווי אין צויבער-שפּיל;
עס לויפן די מאַשינען אין אומענדלעכע געוועטן,
און נעאָן-שילדן רופן צו האָליוואָודער פילם.

דאָס נייע שפּאַנט פאַראויס אַריבער אַלטע וועגן:
עס זינגען קינדערלעך אויף גאַס אַרויס פון שול.
עס לעכצט דאָס לאַנד נאָך פריד, ווי ס'לעכצט די ערד נאָך רעגן,
מיט מאַרגנריק געזאַנג עס זיינען הערצער פול.

דער „היינט" און דער „אַמאָל" אין צאַפּלדיקן לעבן:
דער ספר און דאָס בוך, דער רידל און מאַשין.
לעגענדעס נייע וועבן זיך און וועבן,
באַשטראַלן שווערע טעג מיט וואונדער און מיט זין.

ג.

## ווער בויט דעם מאָרגן?

ווי אָדלער איבער שפּיצן אומבאַרירטע,
ס׳שוועבט געדאַנק פון מענטש, זיין חלום און זיין ציל.
ווער בויט דעם מאָרגן, ווער שאַפט אויפסניי געשיכטע
אין אַלטן לאַנד ישראל, פון נגב ביז גליל?

זע, עס לויפן וועגן, אַספאַלטענע שאָסייען,
אויף ביידע זייטן ביימער וואַקסן מוטיק, שטאָלץ.
וואו זיינען די נביאים, די אַלטע מאַקאַבייער,
צי הער איך אַלץ לעגענדעס, מעשיות פון אַמאָל?

אָט שפּאַנט אַ בעדואינער מיט אַ לאַנגן שטעקן,
די שעפּסן אַרום פּאַסטוך, ווי אין ביבל-צייט;
זיי זוכן גרינע גראָזן אין מדבר אויפגעוועקטן
און טוליען זיך צונויף, ווען שאָס הילכט אָפּ פון ווייט.

עס רעדלען רעדער שווערע פון בוי-און הויב-מאַשינען,
מיט רידלען גראָבן הענט פון ערד אַרויס דעם שטיין.
אָט באַלד וואַקסט אויס אַ ליכטיק-נייער בנין,
פאַר טאַטעס, מאַמעס, קינדערלעך — אַ היים.

איך הער געזאַנג פון שאַפן, איך הער געזאַנג פון בויען,
און פּלוצלינג טראָגט זיך דורך פון חורבות אַ געוויין;
עס וויינען וועגנט געזונקענע, עס וויינט די נויט די גרויע,
עס לעכצן נאָך באַנייאונג מענטש און ערד און שטיין.

עולים, פון לאגערן די איינצלנע פארבליבענע,
ווי נאך א שיפסבורך צוגעשוואומען צום ישראל־ברעג,
פאראנקערט דא אין לאנד מיט האפענונג און ליבע —
צי וועט אויך דא דערלאנגען טויטלעכער געיעג?

אויף סאמע ראנד פון לאנד ישובים נייע שפראצן —
א קייט פון פלייש און בלוט אנטקעגן שונאס קויל.
ארומגעצאמט דער כפר מיט שטעכעדיקע דראטן,
און שומרים שפאנען טאג און נאכט ארום דעם גבול.

דא שוימט דער אלטער ווייַן אין נייע פארם־געפעסן,
דא קעמפט דער נייער דור מיט אקער און מיט ביקס.
עס מישן זיך עולים מיט תושבים אלט־געזעסן,
דער ישוב שפארט פאראויס, דער מדבר טרעט צוריק.

ווי העל עס לייכטן שטערן אויפן טיפן הימל!
ווי הויך די עראפלאנען פליען אין קאיאר!
דעם אלטן ווייַן באפרייען פון טוכלעקייט און שימל
און טרינקען א „לחיים״ ס'וועט דער נייער דור!

ד.

## צו א תימנער ייד

איך ווייס ניט פארוואס
דו דערמאנסט מיך אן ריידן,
ס'איז אנדערש דיין גאנג
און אנדערש דיין ריידן.
די בארד זיינע — לענגער,
געדיכטער — די וויעס,
ניט אזוי לאנג,
און געלאקט זיינע פיאות.

אפשר דער טרויער
אויף טונקעלן פנים,
די חכמה אין אויגן,
פארבינדן אייך קאנען.

ער איז פון פוילן
און דו ביסט פון תימן —
איך ווייס נאר, דו וועסט
זיין געשטאלט ניט פארשעמען.

ח.

# אַ פּאַלמע אין ישראל

(באַלאַדע)

.1

די פּאַלמע פאַר מיין שטוב האָט מיר אַ גרוס געבראַכט
פון זוניק הייסע טעג און מילדער בלויער נאַכט.

אין נייעם לאַנד ישראל איר שוועסטער כ׳האָב געטראָפן,
זי זהאָט צו מיר געררוישט. גערעדט, מיט בלעטער — לידער־סטראָפן.

אין לאַנגע, גרינע שורות — אַן אַלט־פאַרבענקטער ניגון,
אַט ברומט ער שטיל, אָט שטאַרקט ער זיך, ווען צווייגן־פעכער וויגן.

איך הער אין אים דעם מדבר־ווינט, דאָס וויינען פון שאַקאַלן,
דעם פאַסטעכס פייפל שטיל, פאַרבענקט, און וויטן שופר שאַלן.

דער ניגון איז מיט וואונדער פול, מיט מעשהלעך און קלאַנגען,
אַט קלינגען אָפּ, ווי ווייטע טריט, פון פעלדער די געזאַנגען.

איך זיץ פאַרטראַכט און הער זיך איין, עס שווינדן טעג און יאָרן,
די פּאַלמע ווייטע אין ישראל גייט־אויף אין מיין זכרון.

.2

איך זע די פּאַלמע גרינע שטיין אויף גליאיק־הייסע זאַמדן,
אַ נייער ישוב שפּראָצט דערביי, דאָ לעבן גרענעץ־ראַנדן.

חלוצים זינגען, גראָבן טיף אין האַרטער ערד אַ ברונעם,
זיי מוזן און זיי וועלן וואַסער דאָרט באַקומען!

עס ברענט די זון און מענטשן־שווייס באַפּרוכפּערט הייסן באָדן,
די פּאַלמע בויגט איר גרינע קרוין און שפּרייט פֿאַר זיי אַ שאָטן.

און פּלוצים פּייפֿט אַ קויל פֿאַרבײַ פֿון גרענעץ דאָ ניט ווײַטן,
אַ הייזל צינדט זיך אָן און קראַכט, ווי ברענענדיקער שייטער.

עס פֿליִען פֿונקען — פֿײַער־פֿליגן — אין דעם ווינט דעם הייסן,
עס ברייט, עס יאָגט שוין איבער זאַמד אַ כאַמסין אַ בייזער.

די פּאַלמע האַלט דעם אָטעם אײַן, זי פֿעכערט ניט די פֿלאַמען,
נאָר ס׳דרייט כאַמסין, ווי קאָרקן־שרויף, דעם זאַמד און פֿלאַם
צוזאַמען.

דאַן הייבט זי אויף איר בלעטער־בײַטש און טרייבט דעם ווינט
פֿון ישוב!
צי קאָן עס זײַן? צי איז עס נס? צי איז עס לויטער כישוף?

דער ווינט פֿאַרקירעוועט זײַן גאַנג, ער בלאָזט ניט מער דאָס פֿײַער,
עס שטייען גאַנץ נאָך ביידלעך זעקס אין דער תבואה־שייער.

און ווען עס שטילט זיך אײַן כאַמסין און ס׳לעשן זיך די פֿלאַמען,
זי שטייט מיט צווייגן אָפּגעברענט, ווי קינדערלאָזע מאַמע.

איר קרויין פאַרדאַרט, געל ווי שטרוי, ווי גרויער אַש איר פּנים,
זי קוקט און גאַפט: אַרום דעם אַש מען גראָבט, מען גראָבט דעם
ברונעם!

עס גייען טעג, עס גייען נעכט, די אַרבעט ווערט אַלץ הייסער:
וואַסער! וואַסער! באַלד, אָט באַלד וועט פליסן קילע וואַסער!
זי הערט ווי ס׳גייט אַ גרויסע פרייד, מען זינגט, מען לאַכט ביז
טרערן:
וואַסער! וואַסער צו דער זעט און וואַסער פאַר די רערן!

און אָט, ווי ס׳גיט אַ שפּריץ אויף איר פון שפּריצער, ווי אַ רעגן!
עס טרינקען אַלע זעמדעלעך אויף מדברדיקע וועגן.

עס טרינקען אַלע ביימעלעך, אָט ערשט ניט לאַנג פאַרפלאַנצטע,
און קליינע קינדערס אייגעלעך נעמען לוסטיק גלאַנצן.

עס טרינקט די פאַלמע דאָרשטיקע מיט אַלע אירע הושים,
איר הויט פאַרברענטע און איר קרוין די וואַסער־טראָפנס קושן.

חלוצים בויען הייזער שוין און רייניקן איר קאָרע,
אין נעכט לבנה׳קע זיי רינגלען זי און טאַנצן היים אַ האָרע.

איר לייב ווערט שמעקעדיק און פריש, איר וואַקסן נייע צווייגן —
איך זע זי איצט דאָ פאַר מייך הויז און זיך פאַרטראַכט אין שווייגן.

# אַזוי פיל שטורעמס . . .

אַזוי פיל שטורעמס האָבן איבער מיר געריסן,
אַזוי פיל בייזע ווינטן אין מיין הויז געקלאַפּט,
און ווידער שטיי איך גרייט מיין היים פאַרהיטן,
און ווידער רייסט ווער מיינע לאָדנס מיט ברוטאַלער קראַפט.

עס שטייט מיין הויז אַן אָפּנס אויף וועגן פון געשיכטע,
די פענצטער אויסגעהאַקט און אויפגעפּראַלט די טיר,
און יעדער צוג־ווינט הוליעט דאָרטן ווי אַ ווילדער,
און יעדער דונער, ווען ער קראַכט, הילכט־אָפּ און טרעפט אין מיר.

אויף וועג פון צייט, מיין הויז צינדט־אָן אַיעדער פלאַקער —
אין שריפה פון דער וועלט, ווי מוראדיק עס ברענט!
און וואו נאָר מענטש באַנוצט אַ ביקס אַנשטאָט אַן אַקער,
דאָרט בלוטיקט מיינס אַ קינד. דאָרט ווערט מיין פאָלק פאַרלענדט.

אַזוי פיל שטורעמס האָבן שוין מיין הויזגעזינט פאַרשניטן
און ווידער, אַ פאַריתומטע, איך בוי און איך פאַרריכט;
פון מענטשלעכן געוויסן איך בלייב דער טרייער היטער,
מיין הויז לויכט־אויף אויפסניי אין שיין פון יזכור־ליכט.

# ווען עס וויינט דאָס האַרץ . .

ווען עס וויינט דאָס האַרץ —
ליגן ווערטער אומבאַהאָלפן, שטיל,
ערגעץ אין אַ נעפּל איינגעהילט.
פאַרלוירענע, פאַרשטויסענע,
שטום אַנטקעגן אָנפאַלום פון געפיל.
אָ, ווערטער ווערן בלוטלאָז, גרוי,
אין צער פון תוהו ובוהו!
ווען אומקום יאָגט פון קראַנקע וועלטן,
זיי קאָנען מער ניט בענטשן אָדער שעלטן.

ווען עס וויינט דאָס האַרץ —
וואַרטן ווערטער אויף אַ שטראַל,
ווי ס'וואַרטן פייגל אויף באַגינען.
ליכט, אָ, ליכט, אָ, קום צו שווימען
פון דער טיפעניש פון צער!
דורכן גרויען, שווערן נעפּל
שנייד זיך דורך ווי בליץ אין נאַכט,
קלייד־אָן ווערטער מיט דיין הכמות,
מיט בטחון הייל דאָס האַרץ!

# די באַלאַדע פון דעם אומבאַקאַנטן מיידל

(„אַן אומבאַקאַנט מיידל וואַרפט זיך אויף אַ דייטשן טאַנק" —

(כראָניק פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד)

.1

ווער איז דאָס בלאַסע מיידל, טונקל, קורץ־געשוירן ?
איר נאָמען איז קיינעם נישט באַקאַנט.
צי איז זי דאָ אויף מילע אין אַ קעלער־שטוב געבוירן ?
צי קומט זי גאָר אַהער פון אַן אַנדער שטאָט אין לאַנד ?

דאָס אָפּגעצערטע פּנים, די פייערדיקע אויגן,
די אויסגעקרימטע שיך און דאָס פאַרלאַטעט קלייד
האָבן קיינעם נישט פאַרהידושט און קיינעם נישט באַוואויגן
זי נעמען ביי דער האַנט און ריידן צאַרטע רייד.

אַ טאָכטער פון דער געטאָ אונטער נאַצי־שטיוול,
אַ קינד פון לאַנג־געפּלאָגטן, אַלטן יידן־פאָלק.
זי האָט אַמאָל געזונגען, אפשר אויך געשטיפט דאָ,
און קיינמאָל נישט פאַרגעסן הייסן מענטשן־שטאָלץ.

מען האָט פאַרגאַזט איר מאַמען און פאַרברענט איר טאַטן,
אַ תליה האָט דערשטיקט איר חתנם יונג געזאַנג.
טאָג־איין, טאָג־אויס אין געטאָ, אונטער געלער לאַטע
עס גליט אין ברוסט דער צאַרן, דער נקמה־דראַנג.

זי שלייכט זיך אומבאַמערקט אין געטאָ־געסלעך קרומע
און זוכט אין יעדן שאָטן אַן אויסגעבענקט געשטאַלט.
זי רעדט צו זיי מיט פינגער־צייכנס, ווי עס רעדן שטומע,
און שווערט אייסניי — נקמה נעמען באַלד.

אין טעג פון שרעק און גרויל, ווען ס'קרעכצן דאָ די שטיינער:
עס יאָגן די „עס־עס“ און יודען־ראַטלער פּאָליציי,
קוילן פייפן, שטעקנס פּאַכען איבער קראַנקע הויט און ביינער
און פון יעדער אויפגעפּראַלטער טיר זיך רייסט אַ מוראדיק
געשריי, —

זי שטייט אין בונקער, האַרט ביים וואַנט, מיט נאָך אַ צענדליק
שכנים.
פון אַנגסטן נאַס דאָס לייב, פאַרשטיקט אין קעל דאָס קול.
דאָ לאָזן מאַמעס זייערע קינדערלעך נישט וויינען,
דאָ שטאַרבט מען רגעוויז אַ טויזנט מאָל.

עס ווערן אויסגעליידיקט ענגע הייזער־קברים.
אויף גאַסן ליגן מתים צווישן גייערס טריט.
דער טיפוס און דער הונגער מיט מעסערדיקע אָרעמס
שניידן שוין דעם פערטן ווינטער זייער שניט.

.2

אינדרויסן שיינט די זון. דער ווינטער איז פאַראיבער
און האָפענונג לעבט־אויף אין געטאָס קראַנקער נאַכט.
דאָס מיידל שפּירט אין לופט דעם הייסן אויפשטאַנד־פיבער,
זי האָרכט מען גרייט געווער פאַר לעצטער, לעצטער שלאַכט.

אַ, ערגעץ בליט דער בעז און פרילינג־פייגל זינגען,
ערגעץ זיצן פּאָרלעך אין גאָרטן אויף אַ באַנק!
דאָ יאָגט דער נאַצי־שד די לעצטע צו באַצווינגען —
אין געטאָ רעדלט זיך אַריין אַ דייטשער טאַנק.

עס שטייען שוין די אויפשטענדלער אויף פּאָסטנס.
פון הינטער לאָדנס היט מען שונאס יעדן ריר.
עס וועט אים געטאָ־אומקום טייער קאָסטן!
אַ פעסטונג ווערט איעדער פענצטער, יעדע טיר!

דאָס אומבאַקאַנטע מיידל מיטן אויסגעבלייכטן פּנים —
(וויפל, אַ, וויפל געשאָכטן זיי, ווי פי?)
זי ווייסט, עס איז די שעה פון רעכענונג געקומען
פאַר לעבנס אָפּגעמעקטע, אומבאַקאַנט ווי זי.

זי צאַפּלט אין דעם ברויז פון גבורהדיקע שטראָמען.
זי פלאַם פון ליכט גייט־אויף די פלאַש בענזין אין האַנט.
זי טראָגט זיך ווי אַ וויכער איבער געסלעך לאָמע
און וואַרפט זיך מיטן פלאַש אויפן שונאס טאַנק!

דאָס אומבאַקאַנטע מיידל — איינע פון מיליאָנען —
שניידט דורך די אייביקייט מיט אויפרייס פון אַ טאַנק.
אין יעדן פרילינג בליט איר אומבאַקאַנטער נאָמען,
זי אַ בלוט־רויטע רויז אויף אַ דערנער־שטאַנג.

# אַ ייִד ווערט געבוירן*

(באַלאַדע)

געוויינט האָט די נאַכט אויף מענטשלעכע זינד:
מיט צאָרן האָט געפּייפט דורך ביימער דער ווינט;
די צווייגן, די דינע, געבראָכן, געריסן,
אין פרילינג — די בלעטער, ווי האַרבסט־ווינט געשמיסן.

די שטערן פאַרלאָפן מיט טרערן אַ נעפּל;
לבנה אין שוואַרצן, ווי רויכערדיק לעמפּל;
די שאָטנס צעלאָפן, ווי מייז אין די לעכער;
צעשראָקענע, עלנטע — קוימענס אויף דעכער.

געשלעפּט האָט זיך מאַמע מיט טויט־מידע טריט;
געגאַנגען, געפאַלן — דעם בויך נאָר געהיט.
עס לעבט נאָך, באַוועגט זיך אַ נפש אין איר טראַכט —
אַ ייִדן פון געטאָ זי טראָגט אין דער נאַכט.

דער אָפּשיין פון פלאַמען אין פאַרלאָפענע אויגן;
די ליפּן אין קללה מיט שוים־ווייס פאַרצויגן;
איר מאַן, אירע קינדער — געפאַלן אין שלאַכט,
בלויז ד ע ר איז פאַרבליבן, בלויז ד ע ר אין איר טראַכט.

עס הילכן באַנאַגלטע שטיוול אויף גאַס.
פון קלעפּיקן בלוט טריפט אויף שטיינער דער האַס...
פון הרובער געטאָ טראָגן דייטשן די טויטע —
נאָך יאָגט זיי דאָס פייער, די פלאַמען, די רויטע.

---

* פון מיין בוך „נצחון"

די מאַמע — פאַרטאַיעט אין איבערבויג פון ראַג.
דער ווינט רייסט די העכער און יאָמערט איר קלאָג.
די טירן אויף וואַרשעווער גאַסן פאַרמאַכט —
ווער וועט זיך מרחם זיין — איר געבן אַ דאַך?

אַ רעגן נעמט פאַלן, טרייבט נאַצי־גזלנים.
זי שלינגט טראָפּנס דורשטיק און פרישט אָפּ איר פּנים.
זי שטרעקט אויס די הענט צו די הימלען פון צאָרן:
אוי, אַ דאַך פאַר איר קינד, וואָס זויל ווערן געבאָרן!

עס שלעפּט זיך די מאַמע — צום וואַלד איז נאָך ווייט —
קלאַפּט אָן אין אַ טיר פון אַ הויז ביי דער זייט;
אַ האַנט עפנט אויף און פאַרריגלט געשווינד —
דער הושך טרייבט ווייטער — ס׳מוז לעבן איר קינד!

— — — — — — — — — — — — — — — — —

אַ בוים בייגט די צווייגן, פאַרדעקט זי מיט גנאָד.
זי הערט נאָך פונווייטן דעם סקריפּ פון אַ ראָד;
די ערד ביי דעם שטאַם איז טרוקן און וואַרעם —
איצט הערט זי שוין מער נישט פון שטורעם דעם ליאַרעם,

זי שפּירט שוין נישט מער קיין מידקייט אין גלידער,
זי זיצט גאָר ביים טיש מיט שוועסטער און ברידער,
זי איז נאָך אַ קינד מיט צוויי לאַנגע צעפּ,
איר מאַמע ביים מאַשין, שטעפּט ליוונט און שטעפּט...

אַ בליץ רייסט די אויגן — ווי קומט זי אין וואַלד?
איר דאַכט זיך, זי הערט פון געטאָ דעם געוואַלד.
זי זעט אירע קינדער מיט ביקסן, גראַנאַטן,
זי זעט, ווי עס פאַלט איר אַלטינקער טאַטע...

זי גיט זיך אַ הייב — זי וויל לויפֿן צוריק!
צוריק צו איר היים פֿון אַמאָליקן גליק —
זי פֿאַלט, און דורך וואַלד איר געשריי טוט אַ ריס,
ווי וואָי פֿון אַ וואָלף, ווי פֿון חיה אַ ריטוש...

פּאַרטיזאַנער הערן אין פֿינצטערן וואַלד
אַ יאָמער, אַ קוויטש — דער מאַמעס געוואַלד.
זיי הערן, ווי ס'שרייט דורך די ביימער דער ווינט:
„אַ מאַמע, אַ מאַמע, אין וואַלד גייט צו קינד!"

זיי האָבן געפֿונען זי הינטערן בוים.
די ליפּן בלוי, פֿאַרגאָסן מיט שוים.
אַ פּישטש האָט געהערט זיך — דאָס קינד פֿון איר גליד —
אַ מענטש ווערט געבוירן, אַ מענטש און אַ ייִד!

דער טויט האָט מאַמען פֿון יסורים באַפֿרייט.
געהערט נאָך איר קינד, אַז עס לעבט, אַז עס שרייט.
האָט שמייכל פֿאַרשרפֿהטע ליפּן צעבויגן,
האָט רויִק פֿאַרמאַכט די מאַמע די אויגן.

זיי האָבן באַגראָבן זי דאָרט אויפֿן אָרט;
דאָס עופֿהלע מיט נאָך אַ יתום געפֿאָרט.
מען האָט עס געבאָדן אין טרערן, אין הייסע,
מען האָט עס געוויקלט אין שמאַטקעלעך ווייסע.

דער ווינט האָט שוין מער נישט געריסן די דעכער,
געוויגט בלויז פֿאַמעלעך די צווייגן, ווי פֿעכער.
געפֿלאַמט אויפֿן הימל האָט זוניקער רויט,
באַלויכטן צוגלייך אי לעבן, אי טויט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

די מאַמע ליגט שטיל... דער בוים וויגט זי אײַן...
עד זינגט איר לידער פֿון וועלטן אָן פּיין;
נאָר פֿאַלט צו די נאַכט הערט מען וואָיען דעם ווינט:
„אַ ייִד ווערט געבוירן! די נאַכט גייט צו קינד!"

# אַ מאַן און אַ קינד און אַ פרוי*

(צום יאָרטאָג פון דעם וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד)

איך האָב זיי געזען אין אַ שטילן פאַרנאַכט:
אַ מאַן און אַ קינד און אַ פרוי.
די זון האָט אַ לויטערן הימל באַוואַכט
אַנטקעגן אַ כמאַרע פון גרוי,
אַ שטראַל האָט צעלויכטן אַ בוים אומגעריכט,
די ערד האָט געשפּילט זיך אין שאָטן און ליכט —
„ס׳איז פרי נאָך", — האָב איך זיך געטראַכט.

און פּלוצלונג איז איבערן הימלשן בלוי
אַריבער אַ ציטער.
אַ טונקעלע האַנט
האָט אַ פאָרהאַנג פאַרצויגן,
ווי פאַר אַ געוויטער;
אַ ווינט האָט די ביימער צעשראָקן צעטרוישט;
אַ פויגל איז האַסטיק געפלויגן,
ווי ער וואָלט צו נעסט זיינעם גרייכן געאײַלט,
איידער דער שטורעם וועט שטייגן;
נאָר זיי: דער מאַן און דאָס קינד און די פרוי,
זיי זיינען אין שטורעם פאַרבליבן.

---

* פון מיין בוך „היינט".

געטראָגן מיט זיך דעם הימלשן בלוי,
דעם וויכער מיט נאַקעטע גופן געטריבן;
געשפּאַנט אים אַנטקעגן, אַנטקעגן געוואַלט,
עקשנותדיק, ווייטיקדיק, האַרט,
און העכער פון שטורעם אַ ליד האָט צעשאַלט —
אַן אַנזאָג גבורהדיק־שטאַרק.

דער הימל האָט ראַשיק מיט בלוט זיך באַגאָסן,
מיט פלאַמען געפלאַקערט אַרום.
און איך, הינטער שויב, פאַרציטערט און שטום,
געהיט יעדן ריר פון די דריי.
ווער זיינען זיי, ווער?
וואוהין און פון וואַנען
דער מאַן און דאָס קינד און די פרוי?

ווי פאַקלען צעצונדן, זיי שפּאַנען און שפּאַנען.
און נאָך זיי — אַ טשאַטע פון הינט...
איך זע, ווי דאָס בלוט רינט פון זיי, רינט,
עס פליצט שוין אין ריטשקעס איך טונקעלע לאַנען,
עס שפּאַרט שוין אין שטראָמען דורך ערדישע שראַמען,
עס דעקט־איין די ערד מיט די הימלען צוזאַמען!
נאָר זיי דורכן בלוטיקן וואָלקן אַלץ שפּאַנען,
געוויקלט אין שטראַליקן בלוי —
אַ מאַן און אַ קינד און אַ פרוי.

אַ פּחד, אַ אימה איז מיך דאָ באַפֿאַלן.
דאָס פֿענצטער איך האָב צעעפֿנט, צעפּראַלט,
געגרופֿן אין שטורעם, ווי עכאָ אין וואַלד:
„ווער זייט איר? ווער האָט אייך אַהערצו געבראַכט?
וואָס שפּאַנט איר אין פֿלאַמען אַנטקעגן דער נאַכט?"

דער ווינט האָט מיין פֿענצטער אויף שטיקלעך צעבראָכן,
פֿאַרלאָשן דאָס ליכט אויף מיין טיש.
איצט האָט שוין די נאַכט אירע פֿליגל צעפּאָכעט,
דעם זון־שטראַל, דעם לעצטן, פֿאַרווישט.
נאָר זיי פּאָר מיין אויג אַלץ שפּאַנען און שפּאַנען
געוויקלט אין לויטערן בלוי.
איצט ווייס איך, איך ווייס שוין ווער און פֿונוואַנען
דער מאַן און דאָס קינד און די פֿרוי.

נעענטער און נעענטער זיי קומען און קומען,
זיי שטייען שוין לעבן מיין בעט.
פֿאַרוואָר: דאָס זיינען מיין פֿעטער, קוזינע און מומע
געקומען מיר זאָגן:
„ס'איז שפּעט".
אין יאָרטאָג פֿון וואַרשעווער אויפֿשטאַנד געקומען
מיך רופֿן קעגן געוואַלט —
זאָל טריקענען, שטומען דאָס וואָרט אויף מיין גומען,
אויב פֿאַרגעסן כ'וועל זייער געשטאַלט!

# אין אַ ווינטיקער נאַכט

הו־וו־יי, — הו־וו־יי, — האָט געוואָיעט דער ווינט אין דער נאַכט,
און איך האָב געהערט צערודערט און וואַך,
ווי ער האָט געשליידערט אויף נאַקעטער גאַס
דעם ביטערן הוזק, דעם גאַליקן האַס.
און איך האָב געהערט דעם פּיין פון מיין האַרץ
זיך טראָגן אין ווילדער דורך פעלד און דורך באַרג,
צעברויזט און צעשטורעמט אין ביטערער קעלט,
געכפּלט מיליאָניק אין האַרץ פון דער וועלט.

ווי, האָט געוויינט מיין ווייטאָג אין ווינט:
דער ה פ ק ר צעפּראַלט די שטייגן אַצינד,
און ד ע ר אויף צוויי פיס, די בעסטיע פון שטאָט,
דער וואָס צעהענגט דעם שטעכיקן דראָט,
דער וואָס פאַרפּאַקט דעם גאַז־גיפט אין קאַן
און טועט מיט סאָלדאַטסקן, באַנאָגלטן שפּאַן,
און דריקט אויף אַ קנאָפּ צו פאַרברענען מיין גוף, —
אָ, ד ע ר הוליעט פריי און סמ'ט שוין די לופט!

ווי, האָט געריסן מיין פענצטער דער ווינט,
אַוואו זאָל איך טראָגן דאָס אַש פון אַ קינד,
אַז ערד איז איבעראַל פאַראומריינט, פאַרשוועכט,
און יעדער רוצח איז ריין און גערעכט?
און ס'האָט זיך די ערד געטרייסלט אין נאַכט,
מיליאָנען פאַרפייניקטע קדושים געבראַכט,
די ווענט פון מיין צימער צענומען אין צאָרן,
מיט אויגן פאַרשטאַרטע געמאָנט און געוואָרנט.

...ה־וו־יי, — פייפט דער ווינט אין ווירבל פון בלעטער...
עס טראָגט זיך דער אויפברויז און צאָרן פון געטאָ...
הילכן און פלאַמען אין נאַכטיקער שעה,
און זע — איך בין דאָרט און זיי זיינען דאָ...
גופן־סקעלעטן מיך רינגלען אַרום,
און ד ע ר אויף צוויי פיס מיט חיהשן ברום
שפרינגט מיר אַנטקעגן פון לעכער אין ווענט —
אין ראַנגל צעצונדן, אין פלאַקער איך ברען...

ווי, האָט געוואָיעט דער ווינט אין דער נאַכט,
און ד ע ר אויף צוויי פיס האָט געיובלט, געלאַכט.
נאָר איך האָב געשפּאַנט שוין אין מעכטיקן צאָרן,
אין לעבן פאַרוואָרצלט, אין שטורעם געבאָרן.
מיליאָניק געכפלט געהילכט האָט מיין טראָט
אַנטקעגן דער בעסטיע פון שטעכיקן דראָט.
אין ברויז פון דער נאַכט האָט געטאָן זיך אַ טראָג
אַ ליד פון געראַנגל, אַן אָנזאָג אויף טאָג.

# סוחרים אין באַן

עס האָבן זיך סוחרים געטראָפן אין באַן,
אַ מסחר פאַרהאַנדלען פון זעקס מיליאָן.

די שענסטע באַלעבאַטים פון „יידישן" צד,
די כשרסטע נאַצים — געריייניקט און בלאַט.

מען האָט זיך באַגריסט. געדריקט זיך די הענט,
באַשיידן געמורמלט: „וואָס געווען איז געווען".

די פענצטער פאַרהאַנגען, שפּאַרונעס פאַרשטעלט,
דערנאָך אויף די טישן די וואָגן צעשטעלט,

און העפלעך און איידל, מיט שכל און געפיל,
געוואויגן. געמאָסטן, געדונגען זיך שטיל:

— אַ מאַמעס אַ מאַנטל — וויפל איז ווערט?
— אַ טאַטנס אַ היטל — ווייניקער? מער?

דאָס חתונה רינגל, די גאָלדענע ציין.
דעם זיידנס בעכער, דער טשאַיניק פאַר טיי.

די זילבערנע לייכטער, די מעשענע פאַן —
אַזוי פיל חפצים אין אַ שטוב דאָך פאַראַן!

און פלוצלונג האָט איינער דערמאָנט זיך אויף גיך
אָן מאַידאַנעקס ריזיקן באַרג מיט שיך...

עס האָט זיי גענומען אַ טאָג מיט אַ נאַכט,
דעם מסחר דערליידיקט, דעם חשבון געמאַכט.

נאָר דאָ האָט די ערד זיך צעבראָכט און צעוויגט,
געהאָגלט מיט שטיינער. מיט גאַז־רויך געשטיקט.

אַ פלאַמיקער ווינט האָט די גאַסן געריסן,
פאַרשאָטן די סוחרים, דעם חשבון צעריסן.

# ה מ ש ך

מיין מאַמע האָט דער באָבעס טייטש־חומש
אויף שמרן פאַרביטן.
און ווען עס האָבן נייע ווינטן
שטייגער אַלטן
מיט רויער קראַפט געטאָן אַ ריס, —
זי האָט דאָס שייטל פרומע
פון קאָפּ אַראָפּגענומען,
פאַרקאַמט די האָר באַפרייטע, ווייכע,
און אַזוינס אין ביבליאָטעק
באַקענען זיך מיט  מ ע נ ד ע ל ע ן
און  ש ל ו ם ־ ע ל י כ ם .
מיט ציטער און נצחון
זיי געבראַכט צום מיטאָג־טיש —
ווי מאכל זעלטענעם.
מיין טאַטן זיי דערלאַנגט.

ער האָט די באָרד
אַ גלעט געטאָן מיט דער האַנט
און טועם געווען פון דעם געשאַנק.
אויף יידיש? —
האָט ער זיך געחידושט —
אויף יידיש?

יענעם פרייטיק אויפדערנאַכט.
(ווי אין אויפדערנאַכטן אַנדערע אַ סך),
האַרציק־נאָענט מיט „פישקען",
„מנחם־מענדלען" און „טביהן" פאַרבראַכט.

טאַטע־מאַמע, שכנים אַרום טיש,
אויגן, אויערן אָנגעשפּיצט.
דער לאָמפּ האָט העלער, ליכטיקער געברענט.
פאַרשיינטע הײמישע און מאָדנע
האָבן אָנגעפילט די שטיב,
מיט רייד צעשפּאַרט די ווענט.
מיר האָבן געוויינט
און מיר האָבן געלאַכט,
אַזוי — ביז שפּעט אין דער נאַכט.

און איינמאָל, אין אַ שבת בײטאָג,
האָט מיך געטאָן אַ טראָג
אין גאָרטן שטאָטישן, אין פרילינג־לאַנד.
אקאַציע, בעז האָט שוין געבליט,
און פרילינג־פרייד אין מיינע טריט...

לעבן טייכל האָט מיין גאַנג
פאַרשטעלט אַ באַנק.
חברים, חברטעס פאַרגאַפטע שטייען
אַרום אַ יונגנמאַן, וואָס זיצט און לייענט
מיט וואונדער און דרך־ארץ
פון י צ ח ק ל י י ב ו ש פּ ר ץ!

מיטאַמאָל איז יעדעס מענטשלעכע געזיכט
באַשטראַלט געוואָרן מיט אַ כישוף־ליכט,
מיט שיינקייט אויסטערלישער, ריינער.
מיר זיינען פליגל אויסגעוואַקסן,
געטראָגן מיך העכער, העכער —

מיט וויין פון גוטסקייט און דערהויבונג
אָנגעפּילט מיין לעבנס־בעכער.
אָ, ס׳האָט פרץ מיך פאַרכאַפּט
אויף טעג און נעכט און יאָרן!
אויפגעגאַנגען איז פּאַרזיי
פון מעשיות אין דעם פאָלק געבאָרן;
אויפגעגאַנגען איז געוויין
פון „דריי נייטאָרינס", „צוויי ברידער";
אין קאַלטע ווינטער־נעכט געזונגען
און געלייענט זיינע לידער.
דערהערט דעם צאָרנדיקן שרייען:
„מיין נישט לית דין ולית דיין!"
פון אונטער וואָלקנס צער, יסורים,
דערשפּירט דעם אָנקום פון אַ שטורעם.

אויפגעטרייסלט, אויפגעברויזט
מיך האָט די קראַפט פון ביאַליקס שירים.
אָ, די שטראָף־רייד פון נביאים!
זיין ליבע און זיין צאָרן,
ווי ברענענדיקער דאָרן
אין מדבר!
דאָס פאָלק איז אומבאַזיגבאַר!
די מתים שטייען אויף,
קליידן אָן מיט בלוט און פלייש די ביינער!
דאָס פאָלק וועט מער נישט בעטן, וויינען,
דאָס פאָלק וועט אויפשטיין שטאָלץ!
— — — — — — — — — — — — — — —
אין נייער היים, אין וויטן לאַנד,

אין גאַסן ענגע, קרומע,
דעם ווהיטמאַן רוף פון מענטש און וועלט.
פריי און ברייט באַנומען.
אין הויז, אין שאַפּ, אין רויש און קאַמף.
אין ראַנגלענישן שטומע,
האָריזאָנטן ברייטע, פאַרביקע
געשפּינען.

ליב באַקומען כ׳האָב דאָס לאַנד.
געפונען
אַ צאַרנדיק, אַ מאָנענדיק געזאַנג.
עדעלשטאַם און ראָזענפעלד,
באָוושאָווער, ווינטשעווסקי —
אויפריים בליציקער וואָס צינדט
אַ פלאַם אין בלוט!
פון ליפן טויזנטער
דער מאָרגן האָט אַ זונג געטאָן
מיט וויזיע, קראַפט און מוט!

דאָס יידיש ליד האָט זיך צעבליט,
געפינקלט און געשימערט
מיט רעגנבויגן־פאַרבן.
און איך, דער יורש, וואָס בין געקומען אַרבן,
האָב עס פאַרהיט
פון שונאס שניט.
מיט ליבשאַפט און מיט ציטער
איך טראָג עס וויטער
אין דער נייער, וואונדערלעכער וואָר —
פאַרן קומענדיקן דור.

## מיין יידיש וואָרט

אַ נייע היים כ'האָב זיך געשאַפן,
אַ נייעם בוים כ'האָב דאָ פאַרפלאַנצט.
דער פרייהייט־פאַקל אין דעם האַפן
האָט מיר באַלויכטן אין מיין גאַנג.

עס האָט מיין בוים זיך דאָ צעוואַקסן,
און מיינע בלומען זיך צעבליט.
אָ, קום, פאַרזוך די טייטל, באַקסער,
אָ, לאָז דיין אָטעם אויף מיין צוויט!

מיין יידיש וואָרט, די פרוכט פון שטאַמען,
איך האָב פאַרהיט פון הענקערס שניט.
ירושה־פרוכט פון טאַטע־מאַמען, —
מיין קינד, מיין קינד, פאַרזוך, געניס!

איך יעטע ווילד־גראָז פון דעם באָדן
און ווערים פון מיין בוים איך טרייב.
קום, זעיז זיך אין זיין גרינעם שאָטן,
אָ, לייען, לייען וואָס איך שרייב!

---

געזונגען מיט מעלאָדיע פון יהודה הלוים ים־ליד.



אייב לינקאָלן

# 4
# לאַנד מיינס

# האָפֿענונג האָט אויגן פֿון אַ קינד

האָפֿענונג האָט אויגן פֿון אַ קינד,
אַ קינד וואָס טראָגט דעם מאָרגן אין זיין בליק.
פֿריי און פֿריש און פֿול מיט שפּרודלדיקן גליק
זי גייט אַנטקעגן טאָג.
אין די הענט אַ טויב זי טראָגט
און אין האַרץ — אַ ליד.
אַט באַלד וועט איבער תהומען אויסוואַקסן אַ בריק,
אַט באַלד וועט חרוב־לאַנד ווערן גרין —
זי קומט, זי קומט אַהין.

געגערט פֿון גלויבן,
ווי קינד פֿון מוטערס ברוסט —
זי וואַקסט.
זי לעבט אומעטום
וואו ס'לעבט דאָס לעבן:
אין אַלע שטעט,
אין אַלע לענדער אויף דער וועלט.
זי זעט
דאָס ליכט פֿון נייער צייט:
צוטרוי, פֿריינטשאַפֿט, שלום, —
אויף פֿלאַטערדיקע פֿאָנען.

האָפֿענונג האָט אויגן פֿון אַ קינד,
אויגן פֿול מיט חלום.
זע, די אַלטע וועלט ווערט יונג!
אייביק, אייביק — אמן.

# קליינע זאָרגן

קליינע זאָרגן
גריזשען ס'האַרץ ווי מייז —
טאָג־איין, טאָג־אויס.
הוצפּהדיק זיי קריכן אויף מיין טיש,
פאַרצוקן אַלץ;
וואַקסן אויס ווי באַרג אינמיטן שטוב
און פאַרשטעלן מיר דעם וועג אַרויס.

אַ תּפיסה ווערט מיין קליינע הויז,
אַ גרוב.
פינצטער ווערט אינמיטן טאָג
און ענג.
עס שפּאַרן דראָענדיק די ווענט,
עס דריקט דער באַרג
און וואַקסט און וואַקסט . . .

— מיטאַמאָל — אָ,
כ׳וועל, ווי פֿייערדיקער באַל,
זיך טאָן אַ יאָג, אַ הויב,
און צעשמעטער׳ן דעם מויזן־באַרג אויף שטויב!
און ווידער וועלן זיך אָפּרוקן די ווענט,
ברייט צעפֿראַלן וועט די טיר.
כ׳וועל דערזען דעם בלויען האָריזאָנט,
דעם ברייטן שליאַך,
דעם וואונדערלעכן לעבנס־טייך,
וואָס פֿליסט אין אייביקייט:
פֿליסט אין שטורעם און אין רו,
אין שאָטן און אין זון;
שווענקט אָפּ אומריינקייטן און שימל
און פֿליסט און פֿליסט אַזוי,
אַ שיינענדיקער, שימערדיקער,
אין שיסל פֿון דער ערד
אַנטקעגן הימל.

# העלאָ, ניו־יאָרק!

אין פענצטער פון עראָפּלאַן,
וואָס האָט אויף פליגלען שטאָלענע
דורך חושך נאַכטיקן געטראָגן מיך,
באַוויזט זיך ליכט.
ווייט צעוואָרפן, ציטערט דאָ און דאָרט
אַ פלעמל גאָלד.
(אָ, מאַמע ערד, אָ, אָנזאָג פרייִדיקער
פון שטאָט און מענטש און לעבן!)

און מיטאַמאָל —
שערענגעס דימענטן אויף שנורן אָנגעצויגן
ווינקען מיר אַרויף.
רויט און בלוי, גרין און גאָלד,
זיי לויפן אָן, ווי קאַרניוואַל צעלויכטענער,
קאָלירטער. בלענדן, שימערן, רופן,
ציען מיך אַראָפּ.

ניו־יאָרק!
דו אַכט מיליאָניק האַרץ!
איך הער דיין ברויזנדיקן פולס
פון אונטער די צעפלאַמטע ליכטער.
אַך, דו קומסט באַגעגענען מיך
מיט אויסגעלויכטענעם געזיכט,
מיט אָרעמס מעכטיק־ברייטע!

אַ טיף־גערירטע,
כ'שטיי און קוק דורך פענצטער פון עראָפּלאַן.
ווי פייערדיקע שלאַנג,
לויפט דורך אַ באַן.

הימלקראַצערס שטעכן דורך
די טונקעלע אומענדלעכקייט פון רוימען
מיט פינקלדיקע טורעמשפּיצן.
געביידעס אָנגעהורבעט,
אַדורכגעקרייצט מיט לאָמפּן־בליצן
וואַקסן אַן, געדיכט, מאַסיוו —
גייען אויף אין נאַכט,
ווי אין פאַרכישופטן שפּאַקטיוו.

ניו־יאָרק!
אין דיינע ענגע גאַסן לעבן מיינע פריינט,
מיינע קינדער שפּילן זייער מאָרגן דאָ,
האָוון, וועבן פאַרביקן געוועב פון היינט.
(אָ, וויפל טעג פון מי און חלום,
וויפל יונגע וואַנדער־יאָרן
גייען־אויף אין מיין זכרון!)

ניו־יאָרק!
איך קום צו דיינע פּאַרקן און מוזייען,
טעאַטערן, קאָליסעאומס;
אין די סאָבוועיס, די פאַרשטיקטע,
אין די עוועניוס, בולוואַרן —
אומעטום וואו מענטשן שפּאַרן,
איך קום זיי זען.

איך קום צו מיינע נעכטנס דאָ פאַרזייטע,
אויפגעגאַנגענע אין פּיין און שיין.
אַך, ווי גרויס דו ביסט,
ווי מיאוס און שיין און ברייט!
אין ליכט צעפינקלטן, צעשפּילטן,
איך קום צו דיר פאַרבענקט, דערפרייט —
העלאָ, ניו־יאָרק!

# אויף ווינגדיקע רימענס

די גאַסן פון מאַנהעטן
האָבן מיך מיט מענטשן־רינג,
ווי מיט אַ רייף אַרומגענומען.
די סאָבוועי קלאַפּט,
זעצט מיט האַסט און קראַפט.
נעגער, פּאָרטאָריקאַנער,
איטאַליענער, ייִד,
אין איילנדיקן צוג
צונויפגעפּרעסט, —
אין ענגער פרעמדקייט
לייב צו לייב געשמידט.

שנעלער, שנעל!
די רעדער קלאַפּן,
פּויקן אויס דעם ריטם פון ניו יאָרק.
עס רוקן זיך פּאַנאַנדער טירן,
שפּייען אויס און שלינגען איין
נייע פּאַסאַזשירן.
שפּאַניש, ענגליש,
יידיש, איטאַליעניש ---
רויע, ווייכע שטימען —
ניו יאָרק, די האַרעפּאַשנע, הענגט
אויף ווינגדיקע רימענס.

# ביים טויער פון האפן

(ס'איז געהאָרן פופציק יאָר, זינט די פּאָעמע „דער נייער ריזי" פון
עמאַ לאַזאַרוס איז אויסגעקריצט געוואָרן אויף דער סטאַטוע
פון פרייהייט ביים ניו יאָרקער האַפן)

אַ שטורמישע נאַכט, אַ פינצטערער הימל.
עס שלאָגן די כוואַליעס צום ברעג:
ווער וואַגט עס צו שלאָפן, צו רוען אין דרימל,
ווען ס'טרייסלען זיך ימען אין שרעק?

אַ ריזיקער שאָטן פאַלט אויף די כוואַליעס,
עס ציטערט פאַרנעפּלט אַ ליכט..
און פּלוצלינג — עס שטייט ווער, געוויקלט אין שטראַלן,
מיט לויכטן, צאַרטן געזיכט...

די אויגן, ווי שטערן, דורך נעפּל דעם פייכטן,
ווי אייביקייט־ליכט זייער פלאַם;
אין חושך געדיכטן זיי זוכן, באַלייכטן,
די בראַנזענע מאַמע ביים ים.

זי הייבט זיך אַרויס פון דעם טויער ביים האַפן —
אַ ריז אויף פאַרגלייזערטן שטיין...
ווער וועקט זי, ווער וואַרפט עס דעם ליכט, אַט־דעם שאַרפן?
געזאַנג ציטערט דורך איר געווייַן...

אַ דיכטערין זינגט אין דעם פינצטערן שטורעם —
באַקאַנט איז דאָס ליד אירס, דער רוף;
עס אָטעמט מיט ליבשאַפט, מיט שטאָלץ און גבורה,
אויף אייביק פאַרקריצט אין איר גוף...

עס צינדן זיך אָן די אותיות, ווי שייטערס,
דער פאַקל אין נאַכט זיך צעגליט:
„אָ, האַלט זיך מיט גלאַנץ אייערן, פּוסטן, אויך ווייטער!
די הימלאָזע, מידע, מיר גיט!"

די בראָנזענע מאַמע צעלויכטן, צעוואָרעמט,
הייבט העכער דעם פאַקל אין האַנט!
נאָר דאָ נעמען ווינטן רעווען און ליאַרמען,
ווי שדים צעהוליעט אין טאַנץ..

אין חושך עס שרייט ווער, עס קלאָגן סירענעס:
„אָ, היט זיך! דאָ טרינקט זיך אַ שיף!"
עס קאָכט, ווי אַ קעסל אין פלאַם פון גיהינום,
עס ברויזט און עס זידט אין דער טיף...

די כוואַליעס זיי ברומען, שמעטערן, שוימען:
„אַוועק! אַוועק פון דעם ברעג!"
נאָר ס׳וואַכט די געשטאַלט פון ליכטיקע טרוימען,
זינגט העכער פון ליאַרעם און שרעק...

זי עפנט די אָרעמס און רופט אין דעם שטורעם:
„אַהער! אַהער צו מיין שיין!
אַ וועלט. אַ נייע, מיר האָבן געפורעמט
פאַר אַלעם צו אָטעמען פריי!"

דער אינדזל אַנטקעגן דעם גאָלדענעם טויער —
אין גראַטעס די פענצטער, די טיר...
„אַהער! — רופט דער פאַקל — ווילקאָמען, איר בויער!
איר זוכער פון פרייהייט — צו מיר!"

דער אינדזל אַנטקעגן נעמט זיך באַוועגן —
עס רעדט ווער, עס רופט ווער פון דאָרט:
„מיר האָבן מיט יאָרן צוריק דיך באַגעגנט,
געצויגן פון פלאַמיקן וואָרט...

מיר האָבן דעם גלי פונעם לאָמפּ אין דיין אָרעם
אין האַרצן געטראָגן מיט זיך.
געהיט אים פון ווילכער דעם בייזן, דעם שטורעם,
ער זאָל ניט פאַרלעשן דיין ליכט!"

דער שיין פאַלט אויף אינדזל און קרייציקט עס איבער, —
דורך גראַטעס דאָרט זינגט ווער איר ליד...
„אַהער!" — רופט דער פאַקל, — „איר זייט מיר נאָך ליבער!
ווער האָט אייך אין גראַטעס פאַרשמידט?!"

עס קלאָגן סירענעס, עס פייפן סיגנאַלן,
עס שלאָגן די כוואַליעס אין נאַכט.
אַ מענטשיק געשטאַלט געוויקלט אין שטראַלן,
די כוואַליעס באַדראָטע באַוואַכט.

# אייב לינקאָלן

יעדן יאָר ווי מען דערמאָנט דיין נאָמען,
מען פּרעפּלט תּפילות און מען זינגט דיר לויב.
און דו, וואָס ביסט שוין לאַנג געוואָרן ערדיש שטויב,
שטייסט אויף אויפסניי און קוקסט מיט טרויער־אויגן
אויף טויטן־פעלד, וואו ס'ליגן זין פון לאַנד,
און בייגסט דיין קאָפּ, צעוויגסט דיין לאַנגן גוף
און רופסט:
„ג ע נ ו ג!"

און ס'וואַקסן אויס די מאַטעס פון די זין און טעכטער,
און ס'רינגלען דיך אַרום די טאַטעס פון דעם פאָלק,
און קינדערלעך באַשטראַלט מיט זוניקן געלעכטער
הערן, ווי אַ שאַל, דיין קול.
און פון אונטער קבֿרים אויף די שניי־באַדעקטע פעלדער
אין וויטן מזרח, ווי אין מערבֿ־לאַנד,
עס הויבט זיך אויף דער אומבאַקאַנטער זעלנער
און שפּרייזט אַהער, צו דיין געשטרעקטער האַנט.

דיין אויג ווערט קלאָר, דיין טרויער ווערט אַ פאַקל,
לייכט אויף אין פינצטערניש מיט ליבשאַפט און מיט מוט.
דו זעסט אויפסניי דעם הילך פון ביימער־האַקן,
דו הערסט ווי ס'ריזלט זאַפט אין שטאַם, ווי בלוט.
שפּרייטסט אויס די הענט צום אומבאַקאַנטן זעלנער
און פילסט דעם היין פון זיינע יונגע יאָר,
ווי זיי צאַפּלען אין דעם ווינט פון שנאה,
ווי זיי גלוסטן לעבן אויף דער וואָר.

ס'קלינגט דיין קול אין הערצער פון מיליאָנען —
שוואַרץ און ווייס און ברוין און געל —
דערצאָרנטע זיי שטייען אויף און מאָנען
אַ נייעם שלום אויף דער וועלט!

אַיעדען יאָר ווי מען דערמאָנט דיין נאָמען,
אינצווייען שלאַכטן און מיט פולע פעק מיט רויב,
מען פּרעפּלט תפילות און מען זינגט דיר לויב.
און דו שטייסט אויף, באַטראַכטסט די טויטן-פעלדער,
די ערד, די טרערן-פולע קרוג.
און רופסט:
„גענוג!
זאָל זיין גענוג!"

# עס האָט געטאָגט

אין אַ קאַלטער שנאה-נאַכט
האָבן זיך צוויי מענטשן
אויף וועגן אייזיקע באַגעגנט.
זיך אָפּגעשטעלט, באַטראַכט,
דערקענט,
און געגעבן זיך די הענט.

אין דער מינוט,
האָט זיך שוואַרצער קנויל פון האַס,
ווי אויסגעקבֿרענטער אַש,
אויף וועגן גליטשיקע צעשאָטן,
און גייענדיק מיט פעסטע טריט,
האַנט אין האַנט,
זיי האָבן אים צעטראָטן.

— מיר זיינען ברידער! —
האָט דער ווייס-הויטיקער געזאָגט,
און אַ שמייכל, ווי אַן ערשטע זוניקע דערוואַכונג,
האָט די קנייטשן פון זיין פּנים
מיט לויטער גוטסקייט אָנגעגאָסן.

— מיר זיינען ברידער! —
האָט דער שוואַרץ-הויטיקער געענטפערט,
צוויי שורות ווייסע ציין צעבלענדט,
און אַ רויטע וואַרעמקייט
דורך טונקעלער הויט צעפלאָסן.

אין יענער שעה
האָבן ערגעץ־וואו
פייער־דראָטן, ווי שדים פלאַמיקע,
געטאַנצט.
לויט געזעץ (מיט פרומען גלאָץ און גלאַנץ),
עס האָבן פייער־שטראָמען
גופים צאַפּלדיקע דורכגעשאָסן, דורכגעפלאָמען
און פאַרברענט.

...די גופים — שטאַר, פאַרקילט...
און אין דער טויטער שטיל,
נאָך איידער ס'האָט די קלאָג
צעריסן שטומען צער, —
עס האָבן צוויי מיט פעסטן קול
אין שנאה־נאַכט געזאָגט:
„זאָל זיין טאָג!"

דעמאָלט
האָבן ביימער־תליות זיך צעוויגט,
לעצט־געהאַנגענע, פאַרפייניקטע, באַוויינט.
און תפיסה־שלעסער מיט זשאַווערדיקע ציין
האָבן זיך צעקלונגען
מיט אַ מוראדיקן הייזעריקן קלונג;
און דורך די דיקע טורמע־ווענט
האָט אָטעם שטיקנדיקער,
קרעכץ פון קראַנקע לונגען,
געסמט דאָס וואָרט פון ליבשאַפט
אויפן צונג.

נאָר ס'האָבן אַלץ די צוויי
האַנט־אין־האַנט געשפּאַנט.
און ס'איז געווען,
ווי מענטש פאַרלוירענער
וואָלט פּלוצלינג זיך אַליין
אין זיין ברודערס אויג דערזען.
און ווען,
איינער האָט דעם צווייטן
אויפן אויסגעברענטן אַש געפירט,
האָט ער געשפּירט:
פון ביטער ווערט דאָס וואָרט זיינס זיס,
די ערד איז איצט אַ וואַרעמע, אַ ליכטנדיקע,
אונטער זיינע פיס.

— מיר זיינען ברידער, —
האָבן צוויי עקשנותדיק געזאָגט.
און נאָך לאַנגער, קאַלטער נאַכט,
ס'האָט געטאָגט.

# מאָרד אין מיסיסיפי

.1

מיין לאַנד, מיין לאַנד!
פריי און שטאָלץ דו האָסט דערקלערט,
אַז אַלע מענטשן זיינען גלייך.
ווי רייך דו ביסט געווען, ווי רייך!
אין אַלע ווינקלען פון דער ערד
אַ ים מיט ליכט האָסטו צעבלענדט!

איצט שפרייט זיך טאלאהאסי־טייך
פינצטער פאַר מיין אויג.
וואו איך טו זיך ניט אַ קער, אַ בויג,
איך זע אַ ביקס, אַ בייטש, אַ קנוט,
איך זע אַ שוואַרצן יינגלס בלוט
אויף ווייסע הענט...

מיין לאַנד, מיין לאַנד!
מיין לאַנד פון גרויסקייט און פאַרנעם —
ווער האָט עס היינט אזוי, אזוי דיך
פאַר גאַנצער וועלט פאַרשעמט?!

.2

מאָרד אין מיסיסיפי --
אָפן, פרעך.
הויט-קאָליר
איז מאָס פון רעכט.
שוואַרץ איז עמעט לואים הויט —
קומט אים טויט.

אין אַלע טעמפּלען פון געזעץ
איז מענטשן-רעכט
פאַרשוועכט.
יאָרהונדערטער פון קאַמף און זיג
אָפּגעווישט
אין אַן אויגנבליק.
דזשאָנגל רינגלט מיך אויפסניי —
בעסטיע הוליעט פריי.

קרבנות פון דעם בירגער-קריג
שפּאַנען צאָרנדיק איז מיין געמיט.
אַ נעגער-מוטערס מוראדיק געוויין
שוידערט איבער דורות פיין.
אַ פעטליע אויף אַ בוים,
צי אַ שטילער טייך —
אַלע מיתות זיינען גלייך.

.3

אַ שוואַרצן יינגלס טויט־געשריי
וועקט מיין אַלטן ווי.
איך זע אַ גאַז־קאַמער,
אַ באַרג מיט שיך,
אַ ליאַלקע פון אַ קינד.
אַ מאַמע וויינט:
„ווי און ווינד!
ווי און ווינד!"
שאָטנס רינגלען זיך אַרום,
הויבן דראָענדיק די הענט.
איך פיל דעם פלאַם וואָס האָט פאַרברענט
די געטאָ־ווענט;
איך פיל די גבורה און דעם צאָרן,
וואָס ווערט קיינמאָל, קיינמאָל
ניט פאַרלאָרן.

טאַלאהאַסי־טייך שפרייט זיך
פינצטער פאַר מיין אויג.
וואו איך טו זיך ניט אַ קער, אַ בויג,
איך זע אַ שוואַרצן יינגלס גוף.
איך הער זיין רוף, זיין לעצטן וואָרט:
„מאָרד!"

# מיסיסיפי

מיסיסיפי,
דו, שטאָט פון מאָרד און טרערן!
ס'ס הזיערט איבער דיר
פון אורוואַלד דער רוצח,
דער קין־צייכן
פלאַקערט אויף דיין שטערן.
און וויפל ס'זאָל דיין ריזן־טייך
ניט וואַשן דיינע ברעגן,
דאָס בלוט פאַרגאָסענע פון נעגער־זין
וועט שרייען דיר אַנטקעגן.

מיסיסיפי!
דיין ווייטיק און דיין שטאַנד
פלאַמען אין מיין האַרץ.
מיין לאַנד, מיין לאַנד!
ווי פינצטער, פינצטער־שוואַרץ דיין זינד!
פאַרברעכן דיינער שרייט צו וועלט.
אויף דיין פאָן פון שטרייפן, שטערן,
אַ נעגערס בלוט,
אַ מוטערס טרערן.

# זיי שפּאַנען צופוס

.1

נעגער באָיקאָט אויף „באָסעס" אין מאָנטגאָמערי, אַלאַבאַמאַ

„וואוהין פאַרטאָג, וואו גייסטו, סעם?"
— צו דער אַרבעט גיי איך, מעם.
צו דער אַרבעט ביים ווייסן מאַן.
אַ מײלן זיבן, מן הסתם.
כ׳דאַרף דאָרט זיין פינקטלעך אַכט,
שטיי איך אויף אינמיטן נאַכט.

„וואוהין פאַרטאָג, וואו אײלסטו, לום?"
— צו דער אַרבעט כ׳גיי צופוס.
ראַמען דאַרף איך ס׳גרויסע הויז,
פּרעסן וועש פון קליין ביז גרויס.
כ׳פאָר ניט מער אין אויטאָבוס,
ליבערשט וועל איך גיין צופוס.

„וואוהין פאַרטאָג, וואו פאָרט איר, פריינט,
אין מאַשין צו זאַלבעניין?"
— צו דער אַרבעט פאָרן מיר
אָן דעם שילד פון הויט־קאָליר.
מענטשן־שטאָלץ אין האַרץ דערוואַכט,
פאָרט זיך פרייַלעך, פאָרט זיך לייכט.

2

באַסעס פֿאָרן הין און הער
און די קאַסע איז שוין לער.
אַזאַ וויטאָג, אַזאַ שאַנד:
לײדיק שטייט די לעצטע באַנק!
און ספּעציעלער נעגער־באַס
שטייט אויף ראָג פֿאַרלאָזן, פּוסט.

שוואַרצער טעם און ברוינע לוס
שפּאַנען, שפּאַנען היינט צופֿוס.
און אין אויטאָס זאַלבעניין,
פֿאָרן אַלע זייערע פֿריינט.
ווייסן מער ניט זייער אָרט,
טרייבן באַסעס צו באַנקראָט!

ווערט אַ טומל, ווערט אַ גוואַלד:
וואַרפֿן זיי פֿון אַרבעט באַלד!
אין די תּפֿיסות זיי פֿאַרשיקן!
ווי די ווערים זיי צעדריקן!
האַנדלען שנעל און האַנדלען שטרענג!
(וואָס־זשע נעמט מען אַרבעט־הענט? !)

שוואַרצער טעם און ברוינע לוס
שפּאַנען, שפּאַנען היינט צופֿוס.

# אַטערין לוסי

אַטערין לוסי,
איך זע דיך אַזוי קלאָר,
דיין חנעוודיקן פּנים,
די גלאַט-פאַרקעמטע האָר;
איך זע דיין ליבן שמייכל
און פיל דיין שטרענגע וואָר —
אַ, שוועסטער אין פאַרפאָלגונג,
איך זע דיך אַזוי קלאָר!

דער טרויער אין דיין אויג
איז מיר דאָך גוט באַקאַנט:
אַמאָל, אין אַלטן צאַרן-לאַנד,
בין איך געווען אַ קינד
פון אַ יידיש הויז
און האָב, ווי דו, געפילט די בייטש
פון אומרעכט
אויף מיין הויט.
אַ, שוועסטער אין פאַרפאָלגונג, —
איך פיל דיין גויט!

ווי דו, איך האָב געגאַרט
לערנען, וויסן.
און כאָטש מיין הויט איז ווייס
און דיינע — שוואַרץ,
עס זיינען ניט פאַרהיילט אין איר
די ריסן
פון יענע יאָרן, טעג,
ווען אַ בענקשאַפט ס'האָט געוועקט
איעדע הויכשול-טיר.
אָ, שוועסטער אין פאַרפאָלגונג,
איך בין מיט דיר!

בטחון און עקשנות
איז שטענדיק דאָך געווען
מיין פאָלקס געווער.
ניט איך און ניט דו פאַרלאַנגען רחמנות,
נאָר גלייכע, שטאָלצע מענטשן־ווערט.
איך קען דיין מוט און דיין געמיט,
דיין קעמפערישע, הייסע יוגנט —
אָ, שוועסטער אין פאַרפאָלגונג,
איך זע דיך אַזוי קלאָר!

# הייליקע געשטאַלטן שטאַרבן קיינמאָל ניט

## אין אָנדענק פון די ראָזענבערגס

א.

אויפן האַרטן בעטל כ׳זע זי זיצן,
דער שיינער קאָפּ מיט שטרייפן ליכט באַדעקט,
מיט הימל־שיין צעשניטענעם אויף פּאַסן
פון גראַטע־פענצטערל ביים בעט.

זי האַלט אַ בריוו פון דזשוליוסן, איר ליבסטן,
אין ווייכער, אין מוטערלעכער שוים.
זכרונות זיסע פלאַטערן אַרום אַ היימיש הויז.
געלעכטער קינדערשער קלינגט־אָפּ דורך דיקע ווענט —
די טרערן רינען שטיל... דאָס האַרץ פאַרקלעמט.

און מיטאַמאָל גיט צאָרן ווי אַ פלאַם אַ ברי —
ניין, עס טאָר ניט טרויער סמ׳ען איר געמיט!
דער שונא קען ניט טויטן ס׳האַרץ מיט מיט געשטאַלט.
ניט פאַרשעמען וועט זי אירע זין, איר פאָלק.
מיט עקשנות גליט זי, וואַרט אויף צייכן, וואַרט —
וועט זיגן די גערעכטיקייט, צי בלייבן אָפּגענאַרט?

ב.

עס דריקט די איינזאַמקייט אין צעל, די בענקשאַפט נאָך די ליבסטע,
איר ליבשאַפט איז אַ הייסע רויז אין אַ מדבר וויסטן.
פאַלט זי צו צו דזשוליוס בריוו, ווי דאָרשטיקער צו ברונעם,

זי שפירט, ער שטייט דאָ לעבן איר און האַלט זי אין די אָרעמס...
עס גלעט זיין קול, ער רעדט צו איר מיט צאַרטקייט און מיט
טרייסט.
זי שפּאַנט מיט אים, זי וואַקסט מיט אים אין גבורהדיקער גרייס...
אַט פליט זי באַלד אַוועק מיט אים צו זייער נעסט אַהיים —
עס שרעקט ניט מער די טויטן־צעל, זי איז ניט מער אַליין.

דער בריוו זאָגט אָן:
זיי האָבן פריינט — פיל מיליאָן.
די וועלט וויל פרידן, די וועלט איז מיד פון האַס,
און זייער אומשולד ווייסט איטלעכער מענטש אין גאַס.
דער אמת איז בלויז איינער און פרייהייט איז זיין ציל,
דער שקר נוצט דעם תליון אין זיין בלוטיק שפּיל.
נאָר זאָל זי זיך ניט זאָרגן, וועלט־געוויסן מאָנט,
מען וועט זיי ניט דערמאָרדן. ווי די זעקס מיליאָן!

זי שמייכלט שטיל צו זיך, ס׳צעשטראַלט זיך איר געשטאַלט,
די צעל ווערט פול מיט קלאַנגען, מיט שאָטנס יונג און אַלט.
זי שפּירט דעם הייסן אָטעם פון מיליאָנען פריינט
און לענדער איבער ימען, אין שטאָטן ברייט און פריי.
די תפילה־ווענט פאַרשווינדן, טרויער, פיין צעגייט,
אַ שיר־השירים זינגט זי צו ליבע, לעבן, פרייד.
צום אמת, וואָס וועט זיגן, ווען די נאַכט פאַרגייט.

זי נעמט פּאַפּיר און פען און שרייבט אַ בריוו צום מאַן.
איך זע איר קאָפּ דעם שיינעם, כ׳זע איר בלייכע האַנט.
און פּלוצלינג ווערט מיר שרעקלעך: כ׳זע דעם טויטן־שטול..
דער תליון וואַרט... דער שטראָם איז גרייט... דער ריכטער גייט
אין שול...

ג.

אַ, ברודער, מיין ברודער! אַ, שוועסטער, מיין שוועסטער!
פֿאַרוואָס ברענגט מען אויף די שענסטע, די בעסטע?...
פֿאַרוואָס איז באַשערט אייך דער גרויזאַמער פּיין
פֿאַר אַלע מנוּוולים אַ קרבן צו זיין?
פֿאַר וועלכע זינד, פֿאַר וועלכע זינד?
אייער אומשולד לויכט, ווי שמייכל פֿון אַ קינד.
אייער ריינקייט פֿינקלט, ווי אַ טראָפּן טוי.
אייער ליבשאַפֿט בליט אין יעדער בלום און בוים.
ניט שוין-זשע איז פֿאַרקוילט, פֿאַרברענט אַט-די פּראַכט?
אוי, פֿינצטער, פֿינצטער נידערט איבער אונדז די נאַכט...

אַיעדער מסור שיפּעט ווי אַ שלאַנג.
ק י ן, ברודער-מערדער, ווערט אַ העלד אין לאַנד.
ש ר ע ק פֿאַרשטעלט די אויגן, פֿאַרשטאָפּט דאָס מויל, פֿאַרבינדט
די הענט,
ג ע ר ע כ ט י ק י י ט באַליידיקט. אויסגעלאַכט, פֿאַרשעמט.
אונטער ריזן-קוימענס וואָפֿן ווערט געשמידט —
ווידער שפּאַנט געשפּענסט פֿון מאָרד, רוצח פֿון דעם ייִד.

פֿאַרציטערט כ'שטיי, דערצאָרנט. שקר יובלט, לאַכט...
און פּלוצלינג: מענטשן-כוואַליעס פֿלייצן אין דער נאַכט.
מענטשן-קינדער, ווי צעברויזטער, גרינער וואַלד
אין אַ נאַכט פֿון שטורעם, שרעק און געוואַלט.
אין די אויגן — טרערן, און אין האַרץ אַ ליד:
„הייליקע געשטאַלטן שטאַרבן קיינמאָל ניט!“
טראָגט זיך עכאָ ווייט און ברייט, קלינגט אין זייערע טריט:
„הייליקע געשטאַלטן שטאַרבן קיינמאָל ניט!“

# ד.

עס טראָגן מיך די כוואַליעס מיט אימפּעטיקן האַסט,
אַ ים האָט זיך צעבויטעט אויף דער ברוקלין־גאַס.
עס קומט דאָס פֿאָלק באַוויינען הייליק פּאָר.
אין זייער העלדנמוט געפֿינען טרייסט אויף לאַנגע יאָר.
עס איז דאָס פֿאָלק געקומען אויסשרייען דעם צאָרן,
צו זיך אין האַרץ פֿאַרנעמען, וואָס עס האָט פֿאַרלאָרן.
פֿאַרפּייניקטע, זיי בלענדן, שרעקן ר׳ליון, קאַם,
עס האָט אויף זיי דער טויט קיין שליטה ניט געהאַט.
עס איז דאָס פֿאָלק געקומען ברענגען זיי צו רו,
עטלס פּנים שטראַלט און דזשוליוס שמייכלט צו...
ווי כוואַליעס פֿון אַ ים, עס רוישט אַ גאַנצע נאַכט,
דאָס גרויסע האַרץ פֿון פֿאָלק איז צאָרנדיק און וואַך.
און ווען די זון גייט־אויף, דער טאָג איז הייס און קראַנק,
די גוטע מאַמע־ערד נעמט־צו דאָס אויסטערליש געשאַנק...

און אין פֿאָלקס־זכּרון זיי שטייען אויף פֿון טויט
און שפּאַנען העל־צעבלענדטע אין דער אייביקייט.
און דורות ווייטע שטוינען, וואונדערלעך פֿאַרגאַפֿט
פֿון עטלס שיינקייט, גלויבן, פֿון דזשוליוס מוט און קראַפֿט.
און ווייטע דורות לערנען אונדזער שווערן עול:
אין יעדערער צעשיידונג ס׳וויינט נאָך עטלס קול;
אין יעדן קאַמף פֿאַר שלום, פֿאַר ערלעכקייט פֿון מענטש,
הילכט־אָפּ דזשוליוס טראָט פֿון צווישן תּפֿיסה־ווענט;
און וואו עס רופֿט אַ מענטש פֿון זיין טיפֿסטער טיף,
דאָרט צאַפּלט די נשמה פֿון זייערע תּפֿיסה־בריוו.



דער חתן איז אַ סאָלדאַט

# 5

# מלחמה און שלום

# איך זע די צוקונפט שפּאַנען

איך זע די צוקונפט שפּאַנען
אין רעש און בליץ פון שטעט.
זי פליט מיט עראָפּלאַנען,
מיט ה י י נ ט זי טרייבט געוועט.

און אין די הימל־ספערן
זי שיסט אַרויף ראַקעט!
איך זע זי צווישן שטערן
קרייזן ווי פּלאַנעט.

איך שפּאַן אַריבער צייטן
און פלי אין רונדן רויב,
נאָר אויך אין אומענד ווייטן,
איך טראָג דעם מענטשנס טרוים.

עס צאַפּלט האַרץ און רעגט זיך:
וואוהין ער פלי, ווי ווייט?
עס לאַקערט און עס שרעקט מיך:
איז היינט שוין צוקונפט־צייט?

פאַרוואָס־זשע הער איך וויינען
אַ קינד אויף שוועל פון נויט ?
און צווישן חורבות, שטיינער,
שטייט־אויף געשפּענסט פון טויט.

איך זע ווי ס'שיסן פלאַמען
און הער מלחמה־רוף,
און שטראַלונג פון אַטאָמען,
ווי וואָלקן אין דער ליפט.

ביז וואַנען דען, ביז וואַנען,
די רשעות און די שרעק ?
איך זע די צוקונפט שפּאַנען —
צו קריג ? צו שלום־בריג ?

# איך בין אויפגעשטאַנען

איך בין אויפגעשטאַנען, נאָך אַ שווערער נאַכט, אַ בייזער.
אין מיין צימער האָט דער ווינט דורך שויבן פינצטערע געקלאַפּט.
די רעגנטראָפּנס האָבן ניט פאַרשוינט מיין אויער,
געהאַמערט ווי אָפּגעריסן בלעך אויף דאַך.
איך האָב געוויינט, אין חושך כ'האָב געשריגן :
הער אויף! הער אויף! דו מאַכסט מיך קראַנק!
און ערגעצוואו געזוכט אַ ליכט צום צינדן,
און ערגעצוואו געזוכט אַ נאָענטע האַנט.

דו ביסט געשלאָפן אין דער נאַכט פון חושך,
עס האָט דיר ניט געאַרט דער ערדס געוויין.
דער פרילינג האָט שוין ערגעץ ווייט גערוישט דאָרט,
אויפגעוועקט איז גראָז פון הינטער שטיין.
נאָר דו האָסט ניט געפילט דעם ווייטיק
פון אַן אָפּגענאַרטן צווייג, פון אַ טייך פאַרשפּאַרט אין גיין;
האָסט ניט געהערט און ניט געטאָן און ניט געוועקט זיך
אַפילו ווען דער דונער האָט אַ קלאַפּ געטאָן דיין היים.

איך בין אויפגעשטאַנען איידער ס'האָט גענומען טאָגן
און האָב דערזען דיין בוים ביים הויז אין פלאַם.
די דאַרע צווייגן זיינען קנאַקנדיק געפלויגן,
געיאָגט זיך ברענענדיק. אַוועק פון שטאַם.
געגרייכט דעם דאַך, די טיר, די פענצטער,
דעם פלויט וואָס טיילט דיך אָפּ פון שכנס טיר,
און מיטאַמאָל איך האָב דערזען אין פלאַם דיין קינד דאָס
קלענסטע —
נאָר דו — דו שלאָפסט נאָך אַלץ -- דו גיסט זיך ניט קיין ריר.

# אָ, מאַמעניו, זאָג מיר . . .

— אָ, מאַמעניו, זאָג מיר, אָ, זאָג מיר פאַרוואָס
דו שווידערסט, ווען ס'הערט זיך פון ווייטן אַ שאָס?
און קוקסט אויף דער וואַנט, וואו אין גילדערנער ראַם
עס שמייכלט מיין אָנקל, דער קאָרפּאָראַל טאַם,
און נעמסט מיך אַרום און דריקסט מיך צום ברוסט,
ווי וואָלסט אים געשיקט פון אונדז ביידן אַ גרוס.

— אָ, קינד מיינס, מיין אוצר, מיין איינציקע טרייסט!
אַ זומער, אַ ווינטער, אַ פרילינג פאַרגייט.
עס שווייבט מיר דיין פעטער: געפאַלן זיין פריינט
ביים שפּיץ פון אַ בערגל, ביים „האַרצווייטיק”ראַנד...
אַ צווייטער — פאַרלוירן די פיס אין די הענט,
דעם דריטן ער האָט שוין דאָרט מער ניט דערקענט...

— אָ, מאַמעניו, כ'לערן פון העלדן אין שלאַכט,
פון גבורה און גלאָריע און כבוד און מאַכט.
אָ, קויף מיר, איך בעט דיך, אַ ביקס, אַ מונדיר!
מיין חבר די יאַטלעך, ווי זעלנער, מושטירט.
איך וואַקס אַזוי שנעל, כ'וועל זיין אַ סאָלדאַט.
אַ העלד, ווי מיין טאַטע — געשיקט און געוואַגט.

— אָ, זונעניו ליבער, דו וואַקס ניט צו־שנעל!
אָ, וואַרט ביז דער הימל וועט ווידער זיין העל!
נאָך פאַר דיין געבורט, אין נאַכט פון דעם בליץ,
געפאַלן דיין פאָטער אין קאַמף מיט פאַשיסט.
נאָר איצט איז זיין זיג — אַ יתום, ווי דו,
די וועלט — אַן אלמנה — אָן פרייד און אָן רו...

— אָ, מאַמעניו, זאָג מיר, אָ, זאָג מיר אַצינד,
וואָס ציטערסטו, פלאַטערסט, ווי האַרבסטיקער ווינט?
איך זע אויפן פילם האַרמאַטן פון שטאָל,
און טאַנקען און פליער און באָמבערס אָן צאָל;
צעבראָכענע הייזער, צעשטיטערטע ווענט,
און זעלנער מיט טראָג־בעט צום פייער געווענדט.

— אָ, זונעניו ליבער, ניט קוק אויפן בילד!
צי איז דאָס מיין ברודער, וואָס שרייט אַזוי ווילד?
צי איז דאָס דיין פאָטער פון קבר אַרויס,
אין גרויל פון פאַרשרפטן גוף לעבן הויז?
און די, וועלכע וויגט זיך מיט קינד אויפן האַנט —
בין איך דאָס די מאַמע ביי חורבער וואַנט?...

— אָ, מאַמעניו, וויין נישט, מיך שרעקט דיין געוויין.
איך וועל שוין אין זעלנער ניט שפילן זיך מיין...
נאָר זאָג מיר, פאַרוואָס און זאָג מיר וויפיל
דערוואַקסענע שפילן די גרויליקע שפיל?
זיי שרעקט ניט קיין בלוט? זיי אַרט ניט קיין טרער?
אָ, ווער צינדט די שריפה? זאָג, מאַמעניו — ווער?!
1952

## אַ מאַמע שרייבט אַ בריוו צום פּרעזידענט

אַ מאַמע האָט אַ בריוו צום פּרעזידענט געשריבן.
איר זונס מעדאַל איז אויפן טיש געלעגן,
מיט טויטן גלאַנץ געגלאָצט אויף שטול און ווענט.
די פּוסטע איינזאַמקייט פון צימער האָט געשריגן,
דעם מאַרך געריסן, דאָס אויג מיט טרער געבלענדט.
און די מאַמע האָט מיט ציטערנדיקע הענט
די פּען איבערן פּאַפּיר געפירט,
די צוואה פון איר קינד
אויף ווייסן בלאַט מיט שוואַרצן טינט
ווי שוואַרצע ליכט געצונדן.

און מיטאַמאָל האָט אויפסניי א גאָס געטאָן
דאָס בלוט פון זיינע וואונדן.

די שטוב האָט זיך צעוויגט
ווי אין שטורעם אויפן ים אַ שיף,
און די מאַמע האָט דערשפּירט:
איר זון שטייט לעבן איר
ער רעדט צו איר. זי הערט זיין קול.
הערטער שאַרף ווי שטאָל,
האָבן אָפּגעהאַקט אַ קלונג געטאָן:
„ניט וויינען מאַמע! מאָן! קלאַג־אָן!"

און פון אונטער בהאַטעס, שניי און אייז,
פון פעלדער איבגעגאַנגען מיט רויטן רייז,
עס האָט אַ כאָר פון פיל מיליאָן
אין האַרץ צעוויטיקטן אַ קלונג געטאָן:
„ניט וויינען, מאַמע! מאָן! קלאָג־אָן!"

— — — — — — — — — — — — —

... דעם חלל לײַדיקן זי דריקט צום ברוסט...
אין שטוב איז שטיל. די שטוב איז פוסט.
די אויגן טרוקן. אויסגעווישט,
זי נעמט מעדאַל אַראָפּ פון טיש
און לייגט אים אין קאָנווערט.
זי הערט
אַ זייגער שלאָגט, זאָגט־אָן אויף טאָג,
„אומזיסטע שחיטה" — גיט אין מאַרך אַ יאָג.
„אַ קריג אָן זינען" — גיט דאָס האַרץ אַ קליפּ.
די מאַמע
פאַרדריקט ביז בלוט די ליפּ
און מיט צאָרנדיקע הענט
זי שרייבט אַ בריוו צום פּרעזידענט.
1952

# דעמבעס אין שטורעם

אַ וואַלד ציטערט אויף, ווען עס בושעוועט שטורעם:
ער טרייסלט זיך, ווייטיקט און — גרינט...
פאַרוואָרצלט און טיף זיינען ביימערשע שטאַמען,
עס קאָן זיי נישט ברעכן דער ווינט!

דער וויכער רייסט בלעטער אין שמייסט איבער צווייגן,
ער פילדערט און ליאַרעמט און שרייט;
עס וויינען די ווערבעס, עס זיפצן די סאָסנעס:
„צי איז נאָך דער פרילינג אַלין ווייט?!“

די שוואַכע, די געלע, די בלעטער פאַרדאַרטע,
די ערשטע זיי פאַלן צום גרונט...
זיי ליגן און פוילן אין בערג אָנגעשאַרטע
און שפּרייטן גערוך, ווי אַ זומפּ...

נאָר דעמבעס זיי וויגן זיך, ברומען מיט גבורה,
זיי וואַקסן נאָך העכער און פעסטער אין שטורעם.

# דער חתן איז אַ סאָלדאַט

ער איז צוואַנציק, אַכצן — ז',
טאַטע־מאַמעס קרוין און מי.

פאַלדן־פליטער, פלאַטער־פרייד
אין דעם לאַנגן חופּה־קלייד.
כלה־שלייער — יום־טוב־שיין —
פינקלט אין דעם קידוש־ווײַן.
פול דאָס אויג און פול דאָס האַרץ,
נאָר עס דאָרשט און נאָר עס גאַרט.
טרינק־זשע, כלה, טרינק צו זאַט!
ס'איז דיין חתן אַ סאָלדאַט.

ער איז צוואַנציק א. אַז. וו. . .

בלומען ווינקען, סטענגעס שיין
וויקלען חתן־כלה איין.
יונגער פרילינג, פריש ווי טוי,
און די אויגן פייכט און גוי.
ליבע־ציטער זיך און יאָך,
שפּעט די שעה און קורץ די נאַכט.
קוש דיין ליבסטע, איל זיך, יאַט!
ס'וואַרט די באַן צום קעמפ, סאָלדאַט.

ער איז צוואַנציק א. אַז. וו. . .

„ווי די זון, מיין קינד, דו שיינסט,
זאָל דיין מזל לויכטן היינט!
האָסט אַ כלה, אַ בריליאַנט!
כ׳נעם דיין אָרעם אין מיין האַנט.
פיר דיך אונטער חופה־צעלט,
איצט פאַר אייך די גאַנצע וועלט.
און דאָס רינגל, רונד און גלאַט —
נאָר ביסט, קינד מיינס, אַ סאָלדאַט״.

ער איז צוואַנציק א. אַז. וו....

„אוצר מיינער, מיר פאַר דיר.
פון דער חופה פיר׳ט א טיר
צו דער ליבשאַפט פון אַ היים.
אוי, מיין קינד, דו בלייבסט אַליין
און דיין ליבסטער ווייט אַוועק,
ערגעץ אין אַ פרעמדן העק,
אין געפאַרן, מיד און מאַט,
ס׳איז דיין חתן אַ סאָלדאַט״.

ער איז צוואַנציק א. אַ. וו....

מזל־טוב! זאָל זיין מיט גליק!
שאַל, טרומייט! שפיל־אויף, מוזיק!
קינדער מיינע, ליבע צוויי.
אין אַ וועלט פון האַס און וויי.
ווי אויף בוים דער יונגער צווייט,
זאָל שוין איינגיין טאָג פון פריד
און פאַרניכטן ביקס, האַרמאַט —
וועסטו, קינד מיינס, אויס סאָלדאַט.

ער איז צוואַנציק א. אַ. וו.. .

שפילט-זשע, קלעזמער! פידל, שפיל!
יאָרן שוין פאַרפלויגן פיל.
אונדזער יוגנט אין די צוויי.
אונדזער טרוים און מאָרגן-פרייד.
לאָמיר טאַנצן אין אַ ראָד,
פריילעך, לוסטיק, האָפ, האָפ, האָפ!
אונדזער פרוכט איז זיס, געשמאַק —
נישט פאַר שחיטה אַ באַלדאַט!

ער איז צוואַנציק א. אַז. וו....

שטראַלן שפיגלען אויגן-גלאַנץ,
היים דער אָטעם ווי דער טאַנץ.
הענט געקייטלט אין אַ רינג,
פיס צעפלויגן לוסטיק, גרינג.
שנעלער, שנעלער, טאַנצן צום טאַקט!
לעבן, ליבן האָסט געוואָגט,
און אַ חלום לאַנג געהאַט:
זיין פון פרייען אַ סאָלדאַט.

ער איז צוואַנציק א. אַז. וו...

הייסער, שטאַרקער שלאָגט דאָס האַרץ.
ער איז שלאַנק און זי איז צאַרט.
מאַן און פרוי און קינד אין איינס.
שפילט, קלעזמאָרים, אויף אַ שיינס!
מיינע קינדער, ווי אַ ביים,
און אַ פעלקער-פרילינג קומט!
בליט דאָרט אייביק טרוים און טאַט —
ס'איז אוים מיט קריג — ביסט אוים סאָלדאַט.

# פרעג, מיין קינד

„פאַרוואָס האָט ער געהרגעט ?"
דו פרעגסט, מיין קינד, און קוקסט אויף מיר
מיט תמימותדיקע אויגן.
איך וואָלט צום ברוסט צאַרט אַזוי דיך צוגעצויגן
און אויסגעקושט דיין יעדן גליד.
נאָר דו, מיין אַכט־יאָריקע, קליינער ייד,
דו מענטש פון מאָרגן,
ביסט פול מיט זאָרגן.
דו וואַרטסט אויף ענטפער לאַנג.
און איך — פאַרשעמט — ווי וואָלסט געכאַפט מיך ביי דער האַנט
פון אַ פאַרברעכן —
שווייג.

הייַנט, אַ, הייַנט דו האָסט צום ערשטן מאָל געזען
ווי מענטש האָט מענטש אינמיטן גאַס געשאָסן.
אַ המון איז אַנגעלאָפן,
געשטעלט זיך אַרום הרוג ווי אַ רינג,
נייַגעריק געפרעגט:
„וואָס האָט פּאַסירט ? וואָס האָט געטראָפן ?"
מיט אַ פּייף און קלונג
איז אַנגעפלויגן אַמבולאַנס
און איך האָב שנעל גענומען דיך ביים האַנט.
אַוועקגעפירט אַהיים,

דו זאָלסט ניט זען
דאָס בלוט וואָס האָט באַפאַרבט דעם טראָטואַר
און איז אין רויטע ריטשקעלעך איבער גאַס געפלאָסן.
(אַ רויטער שטראָם, אַ ווילד געברוס,
דאָ און דאָרט און אומעטום. . .)

„פאַרוואָס האָט ער געהרגעט?"

איך גרייט צום טיש דאָס אָונטברויט
און אַלץ וואָס כ׳נעם אין האַנט
איז אָפּגעשפּריצט מיט העלן רויט,
ווי ס׳וואָלט מיין אויג
פון אַלע פאַרבן בלויז דערקענט
די פאַרב פון בלוט אויף אַ רוצחס הענט.

איך טראַכט פון ערשטן מאַלפּען-מענטש,
דעם פאָטער-מוטער פון מיין מין —
צי האָט ער אויך, ווי מיר, פאַרציקט
זיינע טעכטער, זין?

אַזוי פיל שוין מיליאָנען יאָרן,
אַזוי פיל דורות פאַרגאַנגען און געבאָרן,
אַזוי פיל זין אין שלאַכטן בלוטיקע פאַרלאָרן,
אַזוי פיל אומגעבראַכט, פאַרברענט.
אַ, קינד מיינס, אין דיינע אויגן
דער פרעג-צייכן ברענט.
און איך בין שטום.
איך זע נאָך אַלץ דאָס בלוט וואָס רינט
דאָ און דאָרט און אומעטום.

„פאַרוואָס האָט ער געהרגעט?"

דו וואַרטסט אויף ענטפער, וואַרטסט.
אַזוי פיל ענטפערס אָפּגענאַרט.
קום, זעץ זיך, קינד, צום טיש.
צי זיינען מיר פון אורמענטש בעסער?
מיר עסן דאָך מיט לעפל, גאָפּל, מעסער.
זע: די שטוב, דער לאָמפּ, דאָס ברויט,
די ביכער אינעם שראַנק,
די בילדער אויפן וואַנט,
די ראַדיאָ, טעלעוויזיע —
ירושה פון מיליאָנען יאָרן
און פון מיינע קורצע טעג —
איז דאָס, אָט דאָס דען מיין פאַרמעג
וואָס איך וועל לאָזן דיר, מיין קינד?
און וואו איז ו ו אָ ר ט, דאָס בלאַסיק וואָרט,
וואָס גייט אַנטקעגן מאָרד און זינד?

(דאָס פּנים פון דעם טויטן — שטאַר...
בלוט־געפאַרבט דער טראָטואַר...
אַ רויטער שטראָם, אַ ווילד געברום
דאָ און דאָרט און אומעטום...)

„פאַרוואָס האָט ער געהרגעט?"

אַזוי פיל ענטפערס שוין געהערט
און זאַמד פון צייט האָט זיי פאַרווישט.
געבליבן איז דעם מענטשנס ווערט —
זיין לעבן הייליק איז.
„קום, זעץ זיך, קינד, מיט מיר צום טיש
און לאָמיר עסן אָוונטברויט.
ווער טויט איז — דער איז טויט".

נאָר ס'וויל קיין אָונטערברויט ניט עסן
מיין קליינער מענטש פון מאָרגן.
ער האָט געזען אין גאַס אַ מאָרד
און קאָן עס ניט פאַרגעסן.
איך נעם אַרום זיין שיינעם קאָפּ
און קוש אים אויף די אויגן:

„פאַרוואָס ער האָט געהרגעט, פרעגסט?"

מיך נעמען טרערן וואָגן...

„אָ, פרעג, מיין קינד, און פרעג און פרעג!
אָ, הער ניט אויף צו פרעגן!
און קריגסטו ניט דעם ענטפער היינט,
דו זוך אים און באַגער אים.
און טרייב אַוועק די קראָ פון שרעק,
ווייל הייליק איז דאָס לעבן.
עס וועלן קומען נייע טעג
און דיר דעם ענטפער געבן".

# איך געדענק אַ טאָג

דער ווייסער באַרג אין הינטער־הויף
דערמאָנט אַן סטאַלינגראַדער שנייען.
עס וואָיעט ווינט, ווי וואָלף אין וואַלד,
און שרעקט מיט פראָסטיקע זאַווייען.
צי זיינען יאָרן, ווי די פייגל,
דאָ הינטערן באַרג פאַרפלויגן?
צי שטראַלן זיי אין פראָסט. ווי שטערן,
און בלענדן מיינע אויגן?

כ׳געדענק אַ טאָג, כ׳געדענק אַ נאַכט
פון יאָמער, פיין און גרוילן;
פון שריפות העלישע און באָמבע־קראַך
און דראָטן שטעכיקע און גופן־קוילן...
עס צאַפּלען תליות, קברים וואַקסן
אויף אַלע ווײַסטע וועגן,
און טרערן, בלוט — אַ ים וואָס זידט
און פליצט איבער ברעגן...

עס וואָיעט ווינט, ווי וואָלף אין וואַלד,
עס הוליען פראָסטיקע זאַווייען
און מענטש אַנטקעגן דוי געוואַלט
אין ס ט אַ ל י נ ג ר אַ ד ע ר שנייען...

און איז געשמידט די גאַס, דער טייך,
נאָר אין די חורבות פונקען לייכטן:
דאָס מענטשלעך האַרץ איז הייס און וואַך
און גלייבן צינדט דעם מוט אין שלאַכטן!

און פּלוצלינג זע: דאָס איז — עס קראַכט!
אין שניי־געווירבל — הונער־קלאַנגען!
גיגאַנטן טראָגן זיך מיט קראַפט
און ברעכן בערג אין בליין־געראַנגל!
און קייקלען זיי, ווי ריזן־ווענט,
אויף בלוט־באַזויפטע נאַצי־ראָבן —
מיט שטאָל משהיתים זיי צוזאַמען
אין אוואַלאַנש באַגראָבן!

כ׳געדענק דעם טאָג, כ׳געדענק די נאַכט
פון סטאַלינגראַד־נצחון.
געבליט האָט מאַי אין פעברואַר
און יום־טוב — אינדערוואָכן.
ס׳האָט זון געשיינט אינמיטן נאַכט,
געזונגען האָבן גאַסן —
אַ פרייד אַזאַ, אַ ליכט אַזאַ,
צי קאָן מען דען פאַרגעסן?

# איך טראָג ניט קיין טונקעלע ברילן

איך טראָג ניט קיין טונקעלע ברילן,
איך זוך ניט אין זונען קיין פלעק —
ס'איז גלויביק מיין טראַט און מיין ווילן,
איך קעמף מיטן אומזין פון שרעק.

איך לויף ניט פון מבול אין ווייטן,
באַזאַלטן זיך הויך אין די בערג —
אַ דאַמבע איך שמיד קעגן לײדן,
וואָס דראָען פאַרפלייצן די ערד.

איך זינג ניט פון טרויער באַשערטן,
איך לעכץ ניט נאָך אומקום און טויט —
איך זינג פון מענטשלעכע ווערטן
און רוף צו געווינען די פרייד.

איך טראָג ניט קיין מאַסקע אויף פנים
און שפיל ניט מיט ווערטער פון האַס —
איך רוף צו דערקענען די שונאים,
באַפרייען דאָס ליכט אויף מיין גאַס.

איך מעסט ניט מיין פריינטשאַפט מיט קוואָרטן
און וואַרט ניט ווען הימל איז גרוי —
פאַר מענטשן איך פלאַנץ דאָ אַ גאָרטן,
אַ בנין פון פריידן איך בוי.

איך קריך ניט אין פינצטער, ווי וואָרעם,
מיך שרעקט ניט פון דונער דער קלאַנג —
איך רוף דורך דעם בראַזיקן שטורעם:
די ציגל צום בנין דערלאַנג!

# אין אַ טאָג פון זון און פרידן

קאַרשן רייפן אין מיין גאָרטן,
אין אַ שטאָט פון שטאָל און שטיין.
צווישן גרינע בלעטער, קאַרשן
ווינקען זאַפטיק, מלא חן.

אין אַ טאָג פון זון און פרידן,
נייער האָפענונג אין לאַנד,
הינטער וואַנט פון רויטן ציגל.
כ'האָב דעם קאַרשן־בוים געפלאַנצט.

ווי אַ אָזע אין אַ מדבר,
גרינט מיין גאָרטן צווישן שטיין,
רופט מיך רוען אין זיין שאָטן,
ווען, אַ מידע, כ'קום אַהיים.

אין אַ טאָג פון זון און פרידן,
רוף איך קינדערלעך צונויף,
וואַרף פון בוים די רויטע קאַרשן,
כאַפּן הענטלעך, קלייבן אויף.

שאַלט אַ קלינגענדיק געלעכטער,
קינדער־פּלאַפּל און געזאַנג,
און מיין בוים אין זון צעבלענדטער,
שפּריט זיין שטראַלנדיק געשאַנק.

היינט איז טונקל אין מיין גאָרטן —
שוואַרצע כמאַרעס טראָגט אַ ווינט —
שטייט מיין קאַרשן־בוים דערשראָקן,
ציטערט, וויגט זיך הער און הין.

רינגלען מיך אַרום די קינדער,
בעטן זינגען זיי אַ ליד,
וויגן זיך, ווי בוים אין שטורעם,
איך — אַ שוץ־וואַנט — אינדערמיט . . .

זינג איך זיי פון זון און פרייד
אין אַ שטאָט פון שטאָל און שטיין;
פון אַ קאַרשן־בוים צעבליטן,
ווען דער שטורעם וועט פאַרגיין.

# דער רונדער טיש

.1

מען האָט געקלאַפּט אַ גאַנצע נאַכט,
אַ רונדן טיש אויף שנעל געמאַכט.

געזעגט, געהובלעוועט דאָס האָלץ,
צונויפגעשרויפט מיט שרויפן שטאָל.

מיט זאַמד־פּאַפּיר פאַרגלעט די קריצן,
און אויסגערונדיקט אַלע שפּיצן.

זשענעווע־טייך האָט שטיל געפלאָסן,
אויפגעציטערט ווי פון שאָסן,

און ווי־העך איינגעדרעמלט, פריש —
גע׳חלומ׳ט פון אַ פרידן־טיש.

.2

די זון באַגילדט „מאָנבלאַן“ דעם באַרג,
ס׳בליצט־אויף דער שניי אויף „יונגפראַו“ קאַרק.

עס שטייט דער טיש אין זאַל פון רייד
און וואַרט אויף בשורה, וואַרט אויף פרייד.

די אויגן, אויערן פון וועלט
אויף אָט־דעם טיש דאָ אָנגעשטעלט.

דורך פענצטער שמעקט דער ביז צעבליט,
דאָ ריידן מענער קריג און פריד.

און מיטאַמאָל ווי ס׳וואַקסן שפּיצן,
ווינקלען צווישן די האַב זיצן.

דער רונדער טיש ווי הונדער ברויט,
צעקעטלט ווערט אויף ווייב און רויט.

ווי שאַך־ברעט פול מיט קלוגע גענג,
און פּלוצלינג ווערט דאָ זיצן ענג.

— — — — — — — — — — — — — — —

די אויגן, אויערן פון וועלט
אויף דעם טיש דאָ אָנגעשטעלט.

# יאָרן, יאָרן, הייסע יאָרן!

יאָרן, יאָרן, הייסע יאָרן —
וויפל פרייד און וויפל צער!
האָב איך אייך דען פאַרלוירן?
זינגט איר דען ניט אין מיין האַרץ?

אַך, די שטורעמס און די דונערס!
אויפגעטרייסלט מיינע טעג,
פונקען, בליציקע געצונדן,
שטערן העלע אויף מיין וועג.

וויפל פריינט געטרייע, שיינע!
וויפל וואונדן פון פאַרראַט!
אָ, די טעג פון גלויבן ריינעם —
יאָ, איך האָב זיי פיל געהאַט.

אין די נעכט די טיפע, קאַלטע,
ווען געבלוטיקט ס'האָט אַ ריס,
האָט דער גלויבן, אָט דער אַלטער,
אַלדאָס ביטערס מיר פאַרזיסט.

יאָרן, יאָרן, הייסע יאָרן!
וויפל פרייד און וויפל צער!
ניין, איך האָב אייך ניט פאַרלאָרן,
ליכטיק בליצט איר אין מיין האַרץ!

# וואו איך קום . . .

(פון אַ רייזע אין מערב־אייראָפּע און ישראל)

וואו איך קום, די זון גייט־אויף אַ נייע,
און וואו איך גיי, כ׳זע מענטשן אין געוועט :
עס פליסן טייכן, עס טורעמען געבייען,
און ס׳ריזלט מענטשן־קראַפט אין אָדערן פון שטעט.

אָ, יעדע גרויס־שטאָט רייצט מיט רחבות פון בולווארן,
פּאַלאַצן, קונסט־ווערק און פאָנטאַנען ליכט.
איך גיי אין הינטערגעסלעך — טונקעלע קאַשמאַרן —
און זע : דאָס לעבן שלאָגט דאָרט קרעפּטיק און געדיכט.

וואו איך קום, עס זינגען, שטראַלן אויגן —
די מייסטערשאַפט פון הענט האָט אויסגעכישופט וועלט :
אַ חלום איז דאָ ערגעץ לאַנג אַרומגעפלויגן
און גענערט דאָס האַרץ מיט וואונדער פון געמעל.

עס בייטן זיך די לענדער, עס טוישן זיך די שפּראַכן.
אָט ציט זיך קייט פון בערג און אָט — אַ גרינער טאָל ;
און אומעטום, אויף סקווער, וואו קינדער שטיפן, לאַכן.
אַ מלחמה־דענקמאָל הויבט זיך טראַגיש, שטאָלץ.

וואו איך קום, איך ברענג אַ האַרץ מיט ליבע,
אַ ניט־געזעטיקט אויג, דעם דאָרשט פון וואַנדער־קראַפט.
עס פליסט די סען, דער ירדן און דער טיבער,
און מענטש שטראָמט ראַשיק, פאַרביק — אין הונגער פון באַשאַף.

# פּ אַ ר י ז

### .1

אַזוי פיל יאָרן ווי איך האָב דיך אין מיין האַרץ געטראָגן,
אַ העל־צעלויכטענע דו האָסט אין מיר פון קינדהייט אָן געשטראַלט,
גערייצט מיט וואונדער־העלדן, אויפשטאַנדן, געראַנגלען,
אין יעדן שיין־גייסט, מייסטער, דיכטער, כ׳האָב געזען דיין
צויבערפול געשטאַלט.

איך האָב געטרונקען טיף פון דיינע ברונעמער די אַלטע:
„מיסטעריעס פון פאַריז" געשראָקן דעמאָלט און גערייצט:
איך האָב געליטן און געיובלט מיט ז אָ ל א ם. ה ו ג אָ ם און
ב אַ ל ז אַ ק ם געשטאַלטן,
מיט ז ש ו ל ו ו ע ר ן אונטערן ים און איבער וועלט גערייזט.

דיין „מאָנפּאַרנאַס", „מאָנטמאַרטר" — די שרייבער, מאָלער,
דענקער —
אָ, קינסטלערי מיינע, זוכער מיינע, שעפער אין פאַנטאַזיע־פלי!
מיך האָט צו אייך געצויגן. כ׳האָב נאָך אייך געבענקט אַלץ
אין רעש פון יאָרן רייפע, רייך אין שאָטן, ליכט.

אין שטורעם פון פאַרוויסטונג, אין מבול פון מלחמה,
איך האָב געפילט דיין בראָך, דיין ווייטיק און דיין שאַנד.
ווען אונטער נאַצי-שטיוול דו האָסט געגריים נקמה,
האָב איך פון ווייט געאָטעמט מיט דיין ווידערשטאַנד.

.2

צי קאָן מען ציילן טעג, צי קאָן מען מעסטן יאָרן ?
זוי ווייט איז טויזנט מייל, ווי נאָענט — צענדליק שפאַן ?
עס ווערט אַמאָל אַ טאָג אַזאַ, אַ בליציקער געבאָרן,
וואָס טראָגט דיך אויף די פליגל צו אַ שטאָט, אַ לאַנד.

איך בין צו דיר געקומען מיט ציטער אין מיין האַרצן :
צי וועט די וואָר פאַרטונקלען דאָס אָפּבילד פון אַ טרוים ?
צי. וועסטו מיך אַנטוישן, דיין שיין אין מיר פאַרשוואַרצן,
מיך לאָזן קאַלט-געפלעפט, ווי קאַטעדראַל אין ר ו י ם ?

פּאַלאַצן און פאָנטאַנען מיך האָבן ניט דערשטוינט דאָ,
און קונסט-ווערק כ'האָב געזען אין יעדן שטאָטישן מוזיי.
איך האָב געזוכט דיין מענטש אין גאַס און ענגער וואוינונג,
איך האָב געזוכט דיין האַרץ אין טונקעלער אַלעי.

און אין אַ טאָג אַ גרויען, אין רעגנדיקן דרויסן,
איך האָב דערזען אַ פרוי מיט בלומען אין דער האַנט.
אויפן געטאָ-דענקמאָל האָבן זיך צעבליט בלוט-רויטע רויזן —
אין „פּער ל'אשעז", ניט ווייט פון קאָמונאַרן-וואַנט.

# אינצווישן הויכע מויערן

אינצווישן הויכע מויערן, ווי אַ הויף די ברייט,
אַ געסעלע אַ שמאָלס פֿאַרדרייט זיך אָן אַ זייט.
אַ געסעלע מיט חורבות, לעבן ברייטער גאַס,
און אַלץ איז עס און ביי'אַטיק. פֿון נעכטיק רעגן נאַס.

צי איז עס אָט דאָס געסעלע, וואָס אין י פ ו * כ'האָב געזען?
ניין, דאָרטן איז דער גרונט ברוקירט מיט אַלטן, גלאַטן שטיין.
מיר דאַכט, איך האָב פֿאַרבלאָנדזשעט צום „פּאַסאַזש" אין
„בעלוויל" * —
ניין, דאָרטן הערט זיך דער געזשום פֿון ניי־מאַשינען פֿיל.
און דאָך, איך האָב דאָס געסעלע אַזוי פֿיל מאָל געזען —
די הייזלעך הילצערנע, פֿאַרזונקענע, ווי אין מיין אַלטער היים.

איך קריך אַריבער עווענין, וואו ס'יאָגן די מאַשינען,
איך טראַכט אָט דאָרט אין געסעלע כ'וועל יוגנט מיין געפֿינען.
אַ, ניט די יוגנט פֿון חלומות, ווי מען זינגט אין ליד,
חלומות חלום איך אויך היינט פֿון ליבע, גליק און פֿריד.
און ניט די שיינקייט פֿון דער נויט איך זוך דאָרט אין מיין יוגנט,
דאָס האָבן היפּאָקריטן פֿון נויט געמאַכט אַ טוגנט.

איך זוך דאָרט אָט דעם פֿונק, וואָס ווערט אין האַרץ געצונדן,
וואָס שליעט לאַנג און פֿלאַקערט־אויף אין בלוטיק־רויטע וואונדן.
און ווערט שוין קיינמאָל, קיינמאָל ניט פֿאַרלאָשן —
דורך יאָרן שטורמישע, ער גליט אויף צונג און צינדט דיין לשון,

---

* יפו — אַ פֿאָרשטאָט פֿון תל־אביב.

** בעלוויל — אַרבעטער־קוואַרטאַל אין פּאַריז

# אַ רגע גאָלד

אַפוי פיל שעה'ן גאָלדענע אַוועק מיט זאָרגן,
אַוועק אין גרויען טאָל פון אויסגעברענטער מי;
דאָרט ליגן זיי און רויכערן פאַרבאָרגן —
זיי שטאַרבן ניט, זיי שטאַרבן ניט ביי מיר!

עס קומט אַ טאָג און כ'גיי אַרום צעלויכטן,
איך הער ווי פידלען שפּילן זיס אַזוי און ווייט...
און פון דעם גרויען טאָל, פון אונטער אַש און רויכן,
גייט אויף אַ רגע גאָלד, פון ביטערניש באַפרייט.

אָ, דעמאָלט ווערט באַשטראַלט דאָס גרוי פון אינדערוואָכן!
איך שפּאַן אַרום באַגליקט ווי קינד אין צויבער שפּיל,
און טראָג מיין רגע גאָלד, ווי בעכער פון נצחון,
געוואונען אין געראַנגל פון טעגלעך שווערער מי.

# נ י י ־ י אָ ר

.1

אַ יאָר איז אַוועק מיט צער, מיט געזאַנג —
עס וואונדערט און רעגט און טוט אַזוי באַנג...

אַ יאָר איז אַוועק — פֿאַרשריבן אַ בלאַט
מיט ליבע און ראַנגל און שנאה, פֿאַראַט...

דאָס זייטל, דאָס לעצטע, פֿון לוח זאָך הענגט,
אַ לעצטע מחשבה, אַ שמייכל אים שענק...

פֿונעם לעצטן ביזן ערשטן — אַ רגע די ווייט,
פֿאַרבונדן, פֿאַרקייטלט אין רינגען פֿון צייט.

פֿון סוף ביז אָנהויב דעם צווישן פֿאַרווישט —
פֿאַרהאַלט אים, פֿאַרהאַלט אים ביים נאַכטיקן טיש!

באַלד קלינגט שוין דער זייגער די מיטנאַכט שעה —
וואָס טראָגט אונדז דער מאָרגן, דער נייער, אָט דאָ?

דאָס זייטל, דאָס לעצטע פֿון לוח צערייס —
עס קומט אָן אַ יאָר, אַ צאַפּלדיק־נייס.

.2

אין סוף ליגט דער אָנהויב ווי זאָמען אין ערד,
פֿאַרבאָרגן, פֿאַרוויקלט, פֿון זאַפֿטן גענערט.

און היינט שפּאַרט ער דורך דעם פּראַקטיקן שיכט
און שפּאַנט איבער שוועל פון שאָטן און ליכט.

און גלייך וואַקסט ער אוים אין אַ יונגינקן בוים,
די צווייגן באַלאָדן מיט גאָלדענעם טרוים.

די קנאָספּן, די פּירות צעפּינקלט, צעשטראַלט,
ווי האָרץ פון דער וועלט אין אַ מענטשנס געשטאַלט.

די בלעטער מיט האָפענונג פרישער צעגרינט,
ווי איויג פון דעם מענטש וואָס שפּאַנט קעגן ווינט.

און אַלץ, וואָס פאַרדריסט, און אַלץ וואָס דערפרייט,
גייט־אויף אין דעם טרוים פון דורות פאַרזייט.

און ס'האָרץ וואָס איז יונג, ווי דער אָנהויב פון יאָר,
אויפסניי שפּינט דעם חלום פון ליכטיקער וואָר.

.3

די ראָד פון דעם לעבן באַוועגט זיך פאָראויס,
אינצווישן — אַן אָפּשטעל — אַ רגע די גרויס.

איז עפן די טיר, וואו האָפענונג גרינט,
און גיי אים אַנטקעגן, דעם יונגינקן קינד!

הייב־אויף דיין בעכער, וואו חלום איז ווין,
און טרינק אַ לחיים צום אייביקן זיין!

אַ יאָר איז אַוועק דאָס נייע יאָר גיאַרט —
לחיים צום גלויביקן, מוטיקן האַרץ!

דורך סופן צום אָנהויב, צו ליכטיקע טעג, —
לחיים צום שווערן, צום שטראַליקן וועג!

# אַ ווינטשקאַרטל

אַ ווינטשקאַרטל כ'האָב דערהאַלטן היינט
פון אַן אַלטן פריינט.
די שריפט, נעט און דין,
געדרוקט אויף אַ מאַשין,
האָט פרעמד און קאַלט אויף מיר געקוקט,
ביז דער אונטערשריפט
האָט כמאַרעס־יאָרן, ווי מיט כישוף, אָפגערוקט
און אין זכרון־וואַלד
עס האָט אַ בלענד געטאָן
אַ האַלב־פאַרגעסענע געשטאַלט.
דיין שמייכל האָט פלוצים זוניק זיך צעשיינט
אין דער התימה:
„דיין פריינט".

אַ גולם שטאָלענער,
געפירט פון מענטשן־האַנט,
האָט ערגעץ דאָ אין לאַנד
שוואַרצע, טינט־געטונקטע אותיעלעך
אויף קאַרטלעך ווייסע אָפגעפרעסט.
מיליאָנען קאַרטעלעך
ווי פייגל זיינען זיך צעפלויגן
אין די קראָמען פון די שטעט.
און איינס פון זיי —
פאַר מיינע אויגן.

איך האַלט דאָס קאַרטל אין דער האַנט
און לייען דעם אַלט-סקאַרבאָווען זאָג.
נאָר דאָ גיט וואָרעם, ליבלעך מיר אַ שלאָג
דער אָפּשײַן פון דײַן פּנים,
ווי דו זיצסט און חתמ'עסט מיר
דײַן נאָמען.

איך האַלט דאָס קאַרטל אין מײַן האַנט
און מורמל שטיל:
אַ דאַנק.
פאַר געדענקען אין דערבאַנען,
פאַר גוטן וואונטש —
אַ דאַנק.

# ביסט אַ שומר אין דיין שטיבל

ווינטן פייפן, ווינטן ברומען,
וואָלקנס יאָגן זיך פאַרביי —.
שטורעמס גייען, שטורעמס קומען,
און די זון שיינט אויפדאָסניי.

ביסט אַ שומר אין דיין שטיבל
און דו היטסט דיין הויזגעזינט,
קומט אין נאַכט אַ שטורעם־ווירבל,
וואָיעט ווי אַ וואָלף דער ווינט, —

דו ביסט וואַך און דו ביסט זיכער,
צינדסט אַ ליכט ביי זיך אין שטוב,
מעג היינט הוליען דאָ דער וויכער,
אויפצומאָרגנס שיינט די זון!

ביסט אַ שומר אין דיין שטיבל
און אַ שכנה אויף דיין גאַס.
שטאַרקער פון דעם שטורעם־ווירבל
שלאָגט דער מאַמעס וואַכזאַם האַרץ.

# כ׳בין שטאָלץ מיט דיר . . .

(צום אינטערנאַציאָנאַלן פרויען־טאָג)

כ׳בין שטאָלץ מיט דיר, שוועסטער פון מײַן דור!
שטאָלץ מיט דײַן עקשנות, דײַן פאַראויסגאַנג,
דײַן אויסגעקעמפטע וואָר.

און וויפל טירן פעסט־פאַרשלאָסענע האָסטו געקלאַפּט
און מיט דײַן מאַרך און לעבנס־ווילן זיי געעפנט?
וויפל מאָל געצונדן ליכט, און איבער קראַנקער וועלט געוואַכט?
געטראָגן היילונג, טרייסט. מיט בלוט פון האַרץ
פאַר נײַעם דור אַ נ י י געזאַנג געשאַפן.

ווי אָפט האָט מען דײַן קראַפט און מי פאַרשוויגן!
ווי אָפט דײַן שאַפונג אויסגעלאַכט!
דאָך זע! די מעשים דײַנע הויבן דיך אַרויף, ווי שטיגן,
דו קלעטערסט העכער, העכער,
און דײַן פאַקל
באַלײַכט די נאַכט.

# משה אַלגין

שטערן פליען אין די נעכט פאַרביי,
לויכטן אויף און פאַלן וואו אין תהום.
גייט־אויף די פראַכט פון בלויען שיין,
אַ רגע פון דער אייביקייט אין רוים.

און דו אין אונדז און איבער אונדז אין צייט,
אין חושך ווי אַ שטערן זיך באַווייזסט —
פון גוף ב׳האָסט אויסגעברענט דער מידער קנויט,
נאָר ניט פאַרלאָשן איז דאָס ליכט פון גייסט!

דיין ליכט איז וואַרעם, קלאָר און העל.
דיין וואָרט — אַ פונק, וואָס צינדט און רעגט.
ביסט ניט ווי שטערן וואָס פאַרשווינדט —
אין חושך ווייזטו אונדז דעם וועג.

דו ביסט אַ טייל פון יענעם העלן פלאַם,
וואָס קומט פון דור צו דור דעם וועג באַלייכטן.
אויב אָפּגעהאַקט דער ערדישער דער שטאַם,
דו בליסט אין האַרץ אין שטורמישע ביינאַכטן.

שטערן פליען, פאַלן אין דער נאַכט,
טראָגן זיך אַהודך און שווינדן ווי אַ בליץ...
נאָר דו און אַלץ וואָס האָסט געבויט, פאַרטראַכט,
ליכטיקט אין דער פינצטערניש אויך איצט.

# אַ דור האָט פאַרלאָרן די מורא

משה כּצ׳ין — געווידמעט.

אַ דור האָט פאַרלאָרן די מורא,
פאַרלאָרן די שרעק פאַרן טויט:
די שוסטער און שניידער, לערער און שמידער —
די שוועסטער און ברידער פון נויט;
די טרעגער פון טרוימען, זינגער פון לידער,
די קעמפער פאַר פרייהייט און ברויט.

אַ דור האָט די מורא פאַרלאָרן,
אַרוים אויף דער אָפענער גאַס:
געבראָכן די צאַמען פון טאַטן און מאַמען,
פון מלוכה און רויבערשן קלאַס;
געפלאַמט מיטן צאָרן פון וועלטן געבאָרן
אין וויייען, אין ליבשאַפט און האַס.

אַ דור האָט פאַרלאָרן די מורא
אין איבערבויז פון צייטיקן שטראָם:
נאַגאַיקע, קאַזאַקן האָבן מער ניט געשראָקן,
מיט „זעלבשוץ" באַגעגנט פּאָגראָם;
אויף וועגן סיבירער געשטאַלטיקט די פירער —
באַפרייער פון פינצטערן תהום.

אַ דור האָט די מורא פֿאַרלאָרן,
זײַן כּוח און שליחות דערקענט:
פֿאַר דורות וואָס קומען, די תּפֿיסות צענומען
מיט פֿעסטע, מיט גלײַביקע הענט;
אויף ליכטיקע וועגן, דעם שונא אַנטקעגן,
דאָס לעבן דעם מאָרגן געשענקט.

אַ דור האָט פֿאַרלאָרן די מורא —
און דו ביסט דאָך אײנער פֿון זיי!
מיט ראָט און מיט טאָט ביסט געווען אַ סאָלדאַט
אין יענער באַפֿרײַאונג־אַרמײ.
די דורות וואָס קומען, אין וואונדער אין שטומען,
פֿאַר ריזן פֿון מוט וועלן שטײן!

אַ דור האָט די מורא פֿאַרלאָרן
און דו — זייער פֿירער און פֿרײַנט.
דײַן פֿײַער דורך יאָרן ניט טונקל געוואָרן,
ער פֿלאַקערט און לײַכט אונדז נאָך הײַנט.
די קערנער פֿון גבֿורה אין מוטיקער שורה,
זיי וואַקסן אין שאָטן און שײַן,
זיי וואָרצלען אין רויערד פֿון דורות אָן מורא
און בליִען אין הערצער, ווי מײַן.

# די פּעדער אין האַנט...

**י. ב. ביילינען** — געווידמעט.

פון ברוזיקער יוגנט, ביז דייפקייט פון טעג,
ער האָט אונדז געלערנט, געמוטיקט, געוועקט.

די יאָרן זיי לויפן, נאָר ס'האַרץ ווערט ניט מיד,
עס חלומט און קעמפט און גיט און גיט...

די פּעדער אין האַנט, דאָס אויג אויפן בלאַט,
און ס'קייטלען זיך שורות ביז שיינקייטן זאַט.

עס קלינגען אַפּ טענער, סימפאָניעס פון טריט,
געבאָרן אין גלויבן, אין קאַמפן צעגליט.

דער וועג איז ניט גרינג איצט, דורך ווילד־גראָז און שטיין,
נאָר קיינמאָל ניט עלנט, קיינמאָל אַליין.

אים רינגלען די שילער, די לייענער פון ווייט,
ביים שרייבטיש זיי שטייען, ווי וועכטער פון צייט.

די פעדער באַוועגט זיך: געדאַנקען און בילד,
וויסן און חכמה אין ליבשאַפט געהילט.

עס פינקלען די בילדער, עס לויכטן די רייד,
עס וואַקסן די בויגנס — די צייטונג איז גרייט.

טאָג־טעגלעכע מי און וויטקייט פון בליק,
און שטענדיק פאָראויס, ניט קיינמאָל צוריק.

אַ פאָטער, אַ לערער, אַ חבר, אַ פריינט,
דער המשך פון נעכטן, אַן אָנזאָג פון היינט.

די יאָרן זיי לויפן, נאָר ס׳האַרץ איז נאָך יונג,
עס גיט און עס גיט מיטן פען, מיט דער צונג.

אַזוי פיל עשירות, די וועלט אַזוי שיין!
צום באַרג־שפּיץ פון ליכט איך ווינטש אים דערגיין.

## וואָס ביסטו מיר, שרה, אַנטשוויגן?

(אין ליכטיקן אָנדענק פון שרה באַרקאַן)

דאָס טעפּל שטייט קאַלט אויפן אויוון,
דער בעזים פאַר׳יתומ׳ט ביים טיר.
וואו ביסטו עס, שרה, פאַרלוירן?
וואָס שטייט ניט געוואַשן ס׳געשיר?

דער טינטער וואַרט שטיל אויף דיין פעדער,
דער לאָמפּ איז פאַרלאָשן און קאַלט.
פאַרוואָס וויינט די בלום אויפן פענצטער?
אין שפּיגל — ניטאָ דיין געשטאַלט.

ס׳האָט בריוודטרעגער נאַר־וואָס געקלונגען,
געבראַכט דיר אַ בריוו פון אַ פריינט,
און דו, וואָס דו האָסט אים באַזונגען,
ניט עפענען ווילסטו מיר היינט?

אָט קומט דיר באַזוכן אַ שכן,
דו האָסט אים געווידמעט אַ ליד;
פאַרוואַנדלט אין יום־טוב זיין וואָכן,
זיין טרויער אין פרייען צעבליט.

עס וואַרטן אויף שמחהלע קליינער,
אין לייען־קרייז דיינעם ביי פריינט,
עס וואַרטן חברים און לייענער,
די פנימער זוניק צעשיינט.

אַט קומסטו אַריין מיט דיין מיטהן,
אין האַנט אַ פּאָר בלעטלעך פּאַפּיר.
נאָך פריש איז דער טינט און עס רוישן
די לידער מעלאָדיש אין דיר...

נאָר קומסט ניט, דו קומסט ניט מער זינגען.
(ווי פינצטער עס ווערט מיין געמיט...)
וואָס ביסטו מיר, שרה, אַנטשוויגן?
מיר דאַרפן, מיר דאַרפן דיין ליד!

עס איז נאָך די וועלט אַ צעקריגטע,
עס שאַרפט זיך אַטאָמישער שווערד.
און דו, וואָס עפּעס גאָר ליגסטו
און שוויגסט אַזוי פינצטער און שווער?

די בלומען זיי וועלקן אויף פענצטער,
פאַרלאָשן דער לאָמפּ אויפן טיש.
נאָר כ'הער דיינע לידער די שענסטע —
עס זינגט זיי דאָס פאָלק אַזוי זיס.

# אין טעג פון צער

אין טעג פון צער און ווי מיר בויען ניט די קעפ.
דורך גרויע נעפלען טראָגן מיר אַ פולע האַרץ מיט שיין.
מיר שפּאַנען שווערלעך, נאָר מיר שפּאַנען אַלץ אַרויף די טרעפּ,
און טראָגן פרייד אַהין וואו ס׳הויזט די פּיין.

אין חושכדיקע נעכט מיר צינדן נייע שטערן
און אונדזער צער לויכט אויף אין וואונדערלעך געזאַנג:
אויף אייביק וועלן מיר די פינצטערניש צעשטערן,
אַז גרינג זאָל ווערן אונדזער גאַנג!

און ווען דער ווי פאַרגייט און ס׳לייכטן אויף די אויגן,
געדענקען וועלן מיר די טעג פון שווערן פּיין:
די פרייד די מענטשלעכע איז ניט די פרייד פון פייגל,
די טרער פון נעכטן איז דער טוי אין אונדזער מאָרגן־שיין.

# זער טויט האָט דיך פון אונדז פאַרנומען

דער טויט האָט דיך פון אונדז פאַרנומען,
נאָר ניט פאַרשניטן איז דיין טרוים;
אין ווינטער וועלקן אַלע בלומען,
אין פרילינג גרינט אויפסניי דער בוים.

דו האָסט דיין פאַך געדינט מיט ליבע,
אַט די ליבשאַפט לעבט און רעגט;
דיין גייסט, דיין מוט, דיין העלער גלויבן
אין אונדזער גאַנג צו העלע טעג.

דער טויט האָט דיך פון אונדז פאַרנומען,
נאָר ניט פאַרשניטן איז דיין בוים;
עס וועלן אויפגייען דיינע בלומען
אין דעם פרילינג פון אונדזער טרוים.

# 1 4 9 2

פון עמא לאזארוס          יידיש: חנה סאפראן

דו צווילינג-יאר, מוטער פון איבערבייט און גורל,
האסט געווינט ווען שפאניע האט מיט פלאמיקן שווערד
די קינדער פון די נביאים פארטריבן פון איר ערד,
פרינץ, גייסטלעכן און פאלק מיט האס פאנאטישן געטריבן.
געיאגט פון ים צו ים, פון לאנד צו לאנד.
דער מערב האט זיי אפגעזאגט און דער מזרח האט זיי ניט געוואלט.
קיין אנקער אין דער דאנובאוואוסטער וועלט פאר אט דעם פאלק,
פארשלאסן יעדער האפן, פארהאקט יעדע טיר.
דעמאלט, שמייכלענדיק, האסט אויפגעדעקט, א, צווילינג-יאר,
א בתולה-וועלט, וואו פון זון-פארגאנג די טירן עפענען זיך
און זאגן: „העי, איר אלע וואס זייט מיד, אהער קומט אריין!
יעדע אלטע קינסטלעך-אויפגעשטעלטע וואנט פאלט דא איין!
פון ראסע, גלויבן, אדער ראנג באשאפן, אויסגעטראכט
צו פעסטיקן דעם בייזן האס צווישן הארץ און הארץ!"



קינדער, איך האָב אייך ליב

# 7

# קינדער־לידער

# זינגט מיט מיר אַ ליד

קינדער, קינדער, קומט אַהער,
לאָמיר טאַנצן היינט אַ שער.
לאָמיר זינגען אין אַ כאָר
פון אַ ליכטיקן קאַיאָר.
אָט אַזוי און אָט אַזוי,
וועלן הימלען שפּיגלען בלוי.

קינדער, קינדער נעמט אַרום
מיטן אויג איעדע בלום.
אויב דער זומער גייט אַוועק,
טראָגט דער ווינטער נישט קיין שרעק.
אויך אין שניי און אויך אין ווינט
לוסטיק שפּילן קאָן אַ קינד.

טאַטעס, מאַמעס נעמט אין ראָד,
דרייט זיי מיט אין קאַראַהאָד.
באַקן רויטלען זיך פון טאַנץ,
אויגן פינקלען מיט אַ גלאַנץ.
אָט אַזוי און אָט אַזוי,
יונג און פריש ווי מאָרגן־טוי.

קינדער, ברייטער שפּרייט דעם רינג!
שול־גלאָק קלינגט באַלד: דינג, דינג, דינג!
שרייבן דאַרף מען אָן אַ גרייז,
לייענען דאַרף מען אויך מיט פלייס.
נאָר ווען ס'קומט צו טאַנצן און שפּיל,
זון גיסט גאָלד אויף גאַס און דיל.

קינדער, קינדער, כ'האָב אייך ליב!
זינגט־זשע, זינגט מיט מיר אַ ליד!
פֿרײלעך־פֿרײ און פֿאַרביק־פֿריש,
ווי אַ יום־טובדיקער טיש.
אָט אַזוי און אָט אַזוי,
א י י ע ר מאָרגן — גאָלד און בלוי.

# די זון האָט זיך געפוילט

אין אַ וואָלקנדיקן מאָרגן,
האָט די זון זיך וואו פאַרבאָרגן.

טראַכטן קינדער, טראַכטן מאַמעס,
אויפן דאַך זי ליגט מסתמא.

פייגל פליען דאָרט אַ סטייע,
פייפן, זינגען, אַ מחיה!

בויען נעסט פון גראָז און שטרויעלעך,
איז דאָרט לוסטיק, איז דאָרט פריילעך!

איז די זון אַהין פאַרקראָכן:
וויל מיט פייגל זיין אַ שכן.

און די וואָלקנס שווער, געשוואָלן,
דעקן איין די בערג, די טאָלן,

און די הייזער אויף די גאַסן,
ווי געפאַרבט מיט שוואַרצע פאַסן, —

ביז אַ וואָלקן פּלאַצט פון צאָרן,
(איז פון פוילקייט בייז געוואָרן),

גיט אַ גאָס, אַ פליוך אַ רעגן,
אַזש עס טרייסלען זיך די וועגן!

דייסט אין נעסטן טיפע לעכער,
וואַרפט די פיצלעך פון די דעכער!

נעמען פייגל פישטשען, וויינען:
זאָל די זון שוין נעמען שיינען!

גענוג זיך פוילן, גענוג זיך קרימען,
מען קאָן שוין אין די גאַס שווימען!

זעען מאַמעס, זעען קינדער
מיטאַמאָל דעם גרויסן וואונדער:

גרויסע טראָפנס רעגן ליגן
און דער הימל ווערט אַ שפּיגל.

גלייט מיט פאַרב, מיט רעגנבויגן
אין די זון שיינט-אויף פון אויבן.

## אפשר איז ער ניט מיין פעטער?

אין א וועלדל, צווישן לאָנען,
איז א שטיבעלע געשטאַנען.

ניט פון ליים און ניט פון ציגל,
אָן א שלאָס און אָן א ריגל.

דאַן און וועגט פון גרינע בלעטער,
און אין שטיבל וואוינט מיין פעטער.

אזא קליינער, זשהאַווער, פלינקער,
אויף די גראָזן טאַנצט ער, שפרינגט ער.

אפשר איז ער ניט מיין פעטער?
אויף דער שפראַך פון פייגל רעדט ער.

קומט די זון אַרויס באַגינען,
גאָלדיקט זוים פון בלאַט-גאַרדינען.

ווערט מיין פעטער ווילד פון פרייד,
איז ווי א פויגל פליען גרייט.

לייגט זיך נאַכט אויף גרינעם קישן,
נעמט ער גלייך די אויגן ווישן.

אַי ליו-ליו, וויגט צו דער ווינט —
שלאָפט מיין פעטער ווי אַ קינד.

נעמען שטערן שושקען, פינקלען,
אין די הייכן הופן, ווינקען,

הייבט ער זיך פון ווייכן בעט,
פליט צום מילך-וועג גלייך אַוועק.

דופט אויף  מ י ך  אַהין, אַהין, —
ווייס איך מער ניט,  ו ו ע ר  איך בין.

כ'פלי און פלי מיטן בעט אין שעניק —
כ'הער, ער זאָגט — כ'בין  ז י י ן  פלימעניק!

# גאָלדענע פֿישעלעך

פֿישעלעך שווימען מיט שטילינקן שלייך —
מיינען מסתמא ס׳איז וואַזע אַ טייך.

אַרויף און אַראָפּ, אין דער ברייט, אין דער לענג —
שווער צו פֿאַרשטיין אַ פֿישעלעכס גענג.

עפֿנט אַ מויל און לאָזט ניט קיין קלאַנג,
בלויז בלעזלעך פֿון וואַסער — אַרויפֿצו צום ראַנד.

שטייט אויפֿן קאָפּ און לאַכט ניט דערביי —
שווימט זיך אַ גראָז ווי אַן אינזל פֿאַרביי.

גאָלד פֿון דעם פֿישל און גרינקייט פֿון גראָז —
אַ זון און אַ וואַלד דורכן לויטערן גלאָז.

# בלעטער פאַלן

בלעטער פאַלן, בלעטער פאַלן,
שורשען אונטער מײַנע טריט;
ווען מיר וואַרפן זיך מיט באַלן,
אַ רויטער בלאַט פליט מיט, פליט מיט!

שרײַ איך: „סעמי, כאַפּ דאָס בלעטל!“
לאַכט ער, שפּעט ער אָפּ פון מיר:
„גיטל-שמיטל, בלעטל-שמעטל,
כ׳שפּיל נישט מער אין באַל מיט דיר!“

באַלד פליט אָן אַ ווינט אַ בײזער,
דרייט די בלעטער ווי אַ מיל;
קריכט אין אַרבל, קריכט אין נעזער,
פירט מיר איבער ס׳גאַנצע שפּיל.

# האַרבסט־רעגן

פֿויל, פֿויל, פֿאַלט אַ רעגן,
לאַנגזאַם קאַפּעט טראָפּ נאָך טראָפּ.
גרוי געזאַנג אויף גרויע וועגן
ריטמיש רינט אַראָפּ, אַראָפּ.

פֿייכט, פֿייכט, גלאַנצן גאַסן,
שאָטנס טוליען הייזער איין;
ס׳צינדט זיך ליכט דורך שױבן נאַסע,
שטיינער שפּיגלען בלאַסן שיין.

לייכט, לייכט, פֿאַלן בלעטער,
דעקן איין די ערד ביים בוים.
ס׳ציטערט צווייג... דורך טרערן זעט ער
ס׳פֿוילט דער בלאַט — זיין יוגנט־טרוים..

הויל, הויל, רינען רינעם,
שלאָף, שלאָף, שלאָפֿן טריט.
כ׳הער ווי שטיל אויף רעגן־סטרונעס
ס׳שפּילט דער האַרבסט זיין אומעט־ליד.

# דאָס הויז פֿון אָנקל בען

אין אַ דערפֿל, אין אַ העק
האָט געלעבט דער קליינער דזשעק,

באָרוועס, אָפּגעריסן, קאַלט,
אין אַ חורבה — קרום און אַלט.

און פֿון אים אַ מײַלן צען
האָט געוואוינט זיין אָנקל בען.

אין אַ הויז פֿון מירמלשטיין
מיט אַ „קאַר" ווי עלפֿאַנטביין.

זיצט זיך דזשעק אַמאָל ביינאַכט
אויף זיין בעטל, זיצט און טראַכט:

ער וועט גיין צום אָנקל בען,
מעג עס זיין אַ מיילן צען.

שטייט ער אויף מיט זון צוגלייך,
באָדט זיך אויס אין בלויען טייך.

נעמט זיין הינטל „סאָנני רעג"
און ער לאָזט זיך אין דעם וועג.

גייט ער, גייט ער טעג שוין צוויי,
גייט מיט וואַלד און מיט שאָסיי.

זוכט אַ הויז פון מירמלשטיין
און אַ קאַר ווי עלפאַנטביין.

און זיין הינטל „סאָני רעג"
איז שוין מיד פון לאַנגן וועג.

שטייט ער אויף די פיסלעך צוויי
און ער בעט זיך: „מער ניט גיי!"

דזשעק שפרינגט־אויף צעדרייצט, צעהיצט,
כאַפּט אַ רוט מיט שאַרפן שפּיץ.

שמייסט דאָס הינטל ביזן ביין:
„מיר מוזן גיין! מיר מוזן גיין!"

ליגט אין בלוט שוין „סאָני־רעג",
ליגט אַ טויטער אויפן וועג.

דזשעקי שלעפּט זיך מיד, אַליין,
יאָמערט מיט אַ גרויס געוויין.

און דאָס הויז פון אָנקל בען
איז נאָך אַלץ אַ מײַלן צען.

# דער ים איז דאָרשטיק

דער ים איז גאָר דאָרשטיק — צי ווייסטו פֿאַרוואָס?
ער טרינקט אַלץ און טרינקט פֿון דעם שוימיקן כוס,
און לעקט נאָך די ברעגן מיט דאָרשטיקער צונג,
און הויבט זיך און וואַרפֿט זיך אַנטקעגן דער זון.
ער וויל זי פֿאַרשלינגען און שטילן זיין דאָרשט,
ער האָט זי אויף כוואַליע געפֿאַנגען אַקאָרשט.
געשיפּלט, געצערטלט, צעפֿינקלט איר שיין,
געצויגן אַרונטער אין טיפֿן אַריין, —
נאָר ווידער זי הענגט אין דער הימלשער ווייט
און שרפֿהט די ערד און טריקנט זיין לייב.
פּלאַצט ער פֿון צאָרן, צעבּרעכט זיך, צעשפּאַלט,
אין שוימיקע בלעזלעך זיין פּנים באַהאַלט,
און ציט זיך פֿאַרוואונדעט, צעשלאָגן צוריק,
און ברומט ווי אַ לייב און גרייט זיך צום קריג,
און ווידער ער טרינקט פֿון דעם זאַלציקן כוס —
הערפֿאַר איז ער דאָרשטיק — איצט ווייסטו פֿאַרוואָס...

# אַ וועוורי קל

אַ וועוורי קל, אַ וועוורי קל,
אַ גרוי, אַ פּוטערן וועוורי קל,
כ'האָב געזען היינט אין דעם פּאַרק,
גלעטן אים פאַרוואָלט זיך שטאַרק.

אַך, ווי פלינק, אַך, ווי גרינג,
פון אַ צווייג אויף צווייגן שפּרינגט
דאָס וועוורי קל, דאָס וועוורי קל!
מיט דעם אויפגעשטעלטן עק,
מיט די שוואַרצע אייגלעך צוויי,
אַהער, אַהין — אַ שפּרונג, אַ דריי!

אויף אַ גראָזיק-גרינער באַנק
זעצט זיך צו אַן אַלטער מאַן.
פול מיט ניסלעך אַ שקאַרמיין
פאַרן וועוורי קל — אַ שמייך!

אַך, ווי שנעל, אַך, ווי שנעל,
ניסלעך, ניסלעך ס'האָט דערשמעקט
דאָס וועווריקל, דאָס וועווריקל!
מיט דעם אויפגעשטעלטן עק,
צו דער באַנק אַ שפּרונג, אַ דריי,
כאַפּט אַ נוס מיט לאַפּקעס צוויי.

קנאַקט די נוס מיט ציינדלעך, קנאַקט,
שאָקלט ס'קעפּל צו צום טאַקט.
נאָר ווען כ'וויל אים טאָן אַ גלעט,
לויפט ער גלייך פון באַנק אַוועק.

אַך, ווי פלינק, אַך, ווי גרינג,
איבער גראָז לויפט און שפּרינגט
דאָס וועווריקל, דאָס וועווריקל!
וואָלט איך ניסלעך אײַנגעבראַכט,
כ'וואָלט פאַרבליבן איבער נאַכט,
קוקן אויף דעם וועווריקל,
דעם שיינעם, גרויען וועווריקל.

## אַ רעגן פאַלט

אַ רעגן פאַלט, אַ רעגן פאַלט!
וואַקסן ביימער הויך אין וואַלד.
טרינקען גראָז, בלום אויך קוקט,
און ווער נאָר וואַקסן גלוסט.

דו זעסט ווי עס שפּרינגען די טראָפּנס אין גאַס?
זיי טאַנצן אַ פריילעכס און מאַכן דיך נאַס.
איצט מוזטו זיך שפּילן מיט הבֿר אין הויז.
ווייל אונטערן רעגן וועסט וואַקסן צו גרויס.

קאָנסט וואַקסן און וואַקסן אַזש הויך ווי אַ בוים,
אַ לייטער אַ לאַנגער וועט גרייכן דיך קוים.
איז ווי וועסטו זיצן אין שיל אויף אַ באַנק?
דער רעגן וועט מאַכן דיך וואַקסן צו לאַנג!

## אַ ש ט י ב ע ל ע

ליבעלע, מיין ליבעלע,
כ'וועל בויען דיר אַ שטיבעלע.
ברעטלעך צוויי און נעגל דריי
מיר פאַרמאָגן ביי ווי סיי.
און אַ העמערל אַ קליינס,
און אַ הינטעלע אַ שיינס.
וואָס-זשע נאָך באַדאַרפן מיר?
אַ ליבע מאַמע ביי דער טיר.

# פרילינג איז געקומען אומגעריכט

פרילינג איז געקומען אומגעריכט,
זיך צעזונגען און צעשטיפט
מיט א פריידיק־פרייען קיל;
האבן טויזנט יונגע גרעזלעך
מיט טוי־געוואשטע, פייכטע נעזלעך
זיך באוויזן אין דעם טאל.
און אויף ביימערדיקע קרוינען,
וואו די ווינטן ווינטער וואוינען,
יאגן זיך א קעלט, א שוועל. - -
האט א גרינער פוך צעבלענדט זיך,
צום הימל שמייכלענדיק געווענדט זיך,
שאטן אויסגעשפרייט אויף וועג.
און אויף ביימער העל־צעגרינטע,
ווי אויף פלאטערדיקע קינדער,
קליידעלעך אין ווינט צעזייט.
האט א שטראל געגומען פירן,
צירן צויבערדפול קאלירן,
בלום נאך בלום אויף זיי געשפרייט.

האבן טייכלעך זיך צעשושקעט,
מיט די כוואליעלעך געפלושקעט
און גערופן אין דער שטיל:
קומט צו אונדז אין וואסער שפיגלען,
קומט פרישט אפ די מידע פליגלען,
פייגל פליענדיקע פיל.
האבן פייגל זיך געטונקען,
מיט די שנעבעלעך געטרונקען,
זיך צעצוויטשערט אינדערמיט;
און אויף ביימער זיך צעפלויגן,
מיד געוואונקען מיט די אויגן
און פארטרויט דאס פרילינג־ליד.

# דאָס ווייסע ציגעלע

קינדעלע, מיידעלע,
לעקעלעך גאָלד,
קום גיב דו אַ קוש מיר, —
אוי, האָב איך דיך האָלט!

אַ ליד כ׳וועל דיר זינגען
פון ציגעלע ווייס
און צערטלען דיין קעפּל,
וואָס ליגט אויף מיין שויס.

פאַרשטייסט נישט, באַנעמסט נישט
דאָס יידישע ליד.
דער ניגון, דער ניגון,
בלויז גלעט דיך, פאַרוויגט.

דער ניגון, דער ניגון,
מיין מאַמעס געזאַנג —
דאָס ציגעלע ווייסע
פאַרבלאָנדזשעט אין לאַנד.

איך וועל עס געפינען
און ברענגען אַהיים
צו היטן דיין וויגל,
מיין מיידעלע קליין.

קינדעלע זיסינקע,
אייגעלעך צו.
איך קוש דיינע הערעלעך,
אַי ליו, ליו, ליו.

# דאַנק־אויסדרוק און אָנערקענונג

איך וויל אויסדריקן אַ דאַנק צו די אַלע, וואָס האָבן אויף איין אָדער אַנדערן אופן געהאָלפן אַרויסגעבן דאָס בוך.

אַ האַרציקן דאַנק דעם חנה סאַפּראַן־בוך־קאָמיטעט מיט די באַאַמטע בראש: ב. בענעוויטץ, י. האַלמשטאָק, י. לעווין; מיין קאָלעגע ל. מילער, פאַר זיין דערמוטיקונג און הילף; מיין פריינט אברהם דזשעגנאַוואָסקי און די חברים פון איקוף: נחמן מייזיל, איטשע גאָלדבערג און באַזונדערס — נ. הייקין, וועלכער האָט געמאַכט די קאָרעקטור און באַמיט זיך, אַז דאָס בוך זאָל אַרויס שיין און ציכטיק. אַ דאַנק אויך דעם קינסטלער י. זעלדין, פאַר דער צייכענונג פון דעם שער־בלאַט; מיין אייגענעם זון בערנאַרד, פאַר צייכענען די בילדער; און די אַלע אָרגאַניזאַציעס און יחידים, וועמענס נעמען עס ווערן דאָ געדרוקט.

קאָאָרדינירֿ־קאָמיטעט פון מיאַמי

קאָונסיל פון לייען־קרייזן ביים איקוף
י. ל. פרץ לייען־קרייז
דוד עדעלשטאַט לייען־קרייז
משה האַלטמאַן לייען־קרייז

ז. וויינפער לייען־קרייז
נתן שענדלאָף לייען־קרייז
דוד בערגעלסאָן לייען־קרייז
עמאַ לאַזאַרוס פון מיאַמי

ראָזע און יעקב אָלשאַנסקי
מאַריא און קאַרל אָקמאַן
חיה און בען בענעוויטץ
העלען און אהרן בוירג
עמאַ און דזשעק בוירלאַנט
אַנאַ גאָלדבערג
יצחק גאָלדמאַן
מאַניע און שלמה גאָלדין
חיים בער גורעוויטש
נעדי און נעיטן גאָלוב
ראָוז און דען דאַנציג
יעקב דאַראָשקין
פרידא דעיוויס
איווא און משה דראַפּקין
רוט האָלטמאַן
גאָסי און יעקב האָלמשטאָק
ראובן האָך
איידא און איזי וויסמאַן

טילי און יעקב לאָיט
נאָסי און נאָרמאַן לין
בעלאַ און איזי לעווין
רות און שלום לענדאָו
טילי און סעם מאַלאַקאָף
יהודית און יעקב מייסטער
זיטאַ און יוסף מאָרגנשטערן
חנה און הערשל מאַרגאָליס
לילי און פרענק מעלניק
יודל מאַנסעט
לאה און יצחק סטענדער
יעקב סטיינבערג
אַנאַ פרימאַק
פיליפ פינקל
אסתר און דזשעק פעלדמאַן

ראָוז און סיימאָן פעדערמאַן
פלאָראַ פרידמאַן
חנה און סעם קאָופמאַן
רחל און ברוך קאַפּלאַן
כאַסיע און הערשל קאָרט
מאָריס קאָרנבלום
אין אָנדענק פון חנה מערי קליטצמאַן
ישעיה קראָטמאַן
הערי קעסלער
דאָראַ און משה ראַהינסקי
איידאַ און פיליפ ראָטשטיין
לינאַ רעצקין
סילוויע שענדלאָף
העלען ראָזענאָף
אין אָנדענק פון איר זון עדוואַרד, וואָס איז געפאַלן אין דער מלחמה.

איך אַלעמען מיין האַרציקער דאַנק.

**חנה סאַפּראַן**

# א י נ ה אַ ל ט


ליכטיקע שטראָמען

## 1

פּאַראײיניקטע פעלקער (בילד)

### וואָר און וואונדער

אויפסניי ...... 7
די קוואַלן פון ליבשאַפט ...... 8
אײביק איז די פרייד ...... 9
איך בין אַ קינד פון דעם יאָרהונדערט ...... 10
די הימלען, אָ, די הימלען ...... 11
„עקספּלאָרער" ...... 18
עס פליט אַ ראַקעט ...... 20
אין וואונדער פון באַגינען ...... 23
פּאַראײיניקטע פעלקער ...... 25
די זון פון פריינטשאַפט ...... 27
אַ נייע זון איז אויפגעגאַנגען ...... 28
אין וואונדערגאַנג ...... 30

## 2

ים און פּאַלמעס (בילד)

### געזאַנג פון לעבן

אַ שטורעמווינט ...... 33
צוויי פּאַלמעס ...... 34
וואָס צאָרנט דער ים? ...... 35
דער ים איז בלוי און גרין און גאָלד ...... 36

ביים ים ........ 37
הימל, ים און זון־פּאַרגאַנג ........ 39
אין חודש מאַי ........ 41
צי קאָן די זון דיך היילן ........ 42
אַ וואָך פון זון און פעלד ........ 43
די ליבשאַפט אין האַרצן ........ 45
יעדן פרילינג ........ 46
דו ביסט דאָס צינדהעלץ ........ 47
דער דרוק פון דיין האַנט ........ 48
דו גרינער ווינקל ........ 49
אַ בלום אויף אַ קוסט ........ 50
אינדיאַנער זומער ........ 51
לעצטע רויזן ........ 53
אַרום דעם טייך ........ 54
איך שעם זיך ניט ........ 55
געזאַנג פון לעבן ........ 56

## 3

ווער בויט דעם מאָרגן (בילד)

## ה מ ש ך

דאָס אַלטע און דאָס נייע ........ 59
ישראל לידער:
א. איך האָב געזען ........ 62
ב. דער „היינט" און דער „אַמאָל" ........ 64
ג. ווער בויט דעם מאָרגן? ........ 65
ד. צו אַ תימנער ........ 66
ה. אַ פּאַלמע אין ישראל ........ 67
אַזוי פיל שטורעמס ........ 70
ווען עס וויינט דאָס האַרץ ........ 71
די באַלאַדע פון דעם אומבאַקאַנטן מיידל ........ 72
אַ ייִד ווערט געבוירן ........ 75

אַ מאַן און אַ קינד און אַ פרוי ........................ 78
אין אַ ווינטיקער נאַכט ......................... 81
סוחרים אין באַן ............................. 83
המשך .................................... 84
מיין יידיש וואָרט ............................ 88

## 4

אייב לינקאָלן (בילד)

## לאַנד מיינס

האָפענונג האָט אויגן פון אַ קינד .................. 91
קליינע זאָרגן ................................ 92
העלאָ, ניו־יאָרק! ............................. 94
אויף וויגנדיקע רימענס ......................... 96
ביים טויער פון האָפן .......................... 97
אייב לינקאָלן ................................ 100
עס האָט געטאָגט .............................. 102
מאָרד אין מיסיסיפי ........................... 105
מיסיסיפי ................................... 108
זיי שפּאַנען צופוס ............................ 109
אָטערין לוסי ................................ 111
הייליקע געשטאַלטן שטאַרבן קיינמאָל ניט ............. 113

## 5

דער חתן איז אַ סאָלדאַט (בילד)

## מלחמה און שלום

איך זע די צוקונפט שפּאַנען ...................... 119
איך בין אויפגעשטאַנען ......................... 121
אָ, מאַמעניו, זאָג מיר ......................... 122
אַ מאַמע שרייבט אַ בריוו צום פּרעזידענט ............. 124
דעמבעס אין שטורעם ........................... 126

דער חתן איז אַ סאָלדאַט ........................ 127
פרעג, מיין קינד ........................ 130
איך געדענק אַ טאָג ........................ 134
איך טראָג ניט קיין טונקעלע ברילן ................ 136
אין אַ טאָג פון זון און פרידן ................... 137
דער רונדער טיש ........................ 139

## 6

אַוואו איך קום (בילד)

## יאָרן, יאָרן

יאָרן, יאָרן, הייסע יאָרן ...................... 143
אַוואו איך קום ........................ 144
פּאַריז ........................ 145
אינצווישן הויכע מויערן ...................... 147
אַ רגע גאָלד ........................ 148
ניי יאָר ........................ 149
אַ ווינטשקאַרטל ........................ 151
ביסט אַ שומר אין דיין שטיבל .................. 153
כ'בין שטאָלץ מיט דיר ...................... 154
משה אַלגין ........................ 155
אַ דור האָט פאַרלאָרן די מורא .................. 156
די פעדער אין האַנט ...................... 158
וואָס ביסטו מיר, שרה, אַנטשוויגן? ............... 160
אין טעג פון צער ........................ 162
דער טויט האָט דיך פון אונדז פאַרנומען ............. 163
1492 (פון עמאַ לאַזאַרוס; יידיש: חנה סאַפּראַן) ...... 164

## 7

קינדער, איך האָב אייך ליב (בילד)

## קינדער-לידער

זינגט מיט מיר אַ ליד ...................... 167
די זון האָט זיך געפּוילט ...................... 169

אפשר איז ער ניט מיין פעטער ? ........................ 171
גאָלדענע פישעלעך ................................ 173
בלעטער פאַלן ............................... 174
האַרבסט־רעגן ............................... 175
דאָס הויז פון אָנקל בען ........................... 176
דער ים איז דאָרשטיק ............................. 178
אַ וועוועריקל ................................ 179
אַ רעגן פאַלט ............................... 181
אַ שטיבעלע ................................. 181
פרילינג איז געקומען אומגעריכט ..................... 182
דאָס ווייסע ציגעלע ............................. 183
אַ דאַנק־אויסדרוק .............................. 184

# תיקון טעות

די ערשטע שורה פונעם ליד „ליכטיקע שטראָמען״ דאַרף זיך לייענען:
„זיי פליסן, זיי שטראָמען״.
אינעם ליד „אַ בלום אויף אַ קוסט״ (זייט 50) דאַרף די לעצטע שורה
פון דעם פערטן פערז לייענען זיך:
„ווי פון דונער דריי בליציקע פונקען״.